# פון רעדאַקציע

נאָכן פּלוצלונגן טויט פון בער י. ראָזען (דעם 23טן נאָוועמבער 1954) האָט אַ גרופּע נאָענטע חברים און פריינד פון פאַרשטאָרבענעם אויסגעדריקט דעם וואונטש צו פאַראייביקן זיין אָנדענק אין מעלבורן דורך אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע שריפטן.

צו דעם צוועק האָט זיך אויסגעבילדעט אַ רעדאַקציע־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון: י. וואַקס, ב. וואַרשאַווסקי, י. גיליגיטש, י. קאַהאַן און ה. באַכראַך, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן און אַרויסגעבן דאָס בוך.

די רעדאַקציע האָט געהאַט פאַר זיך אַ שווערע אויפגאַבע, צונויפצוזאַמלען פון דער יידישער וועלט־פּעריאָדיק ראָזענס ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע אַרבעטן, און אָפּקלייבן פון זיי, ווי אויך פון זיינע פאַרבליבענע מאַנוסקריפּטן, דעם געהעריקן מאַטעריאַל פאַר דעם ראָזען־בוך.

דאָס אַליין האָט פאַרצויגן די אַרבעט אויף אַ לענגערער צייט. נאָך מער איז די אַרבעט באַשווערט געוואָרן, ווען ס'זענען פּלוצלונג געשטאָרבן די צוויי מיטגלידער פון דער רעדאַקציע־קאָמיסיע, יעקב וואַקס און בונם וואַרשאַווסקי. אויף זייער אָרט איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן יעקב וויסליץ און נאָך לאַנגע באַמיאונגען גייט איצט דאָס ראָזען־בוך אַרויס פון דרוק.

מיר גיבן איבער דאָס דאָזיקע בוך אין די הענט פון די יידישע לייענער און מיר האָפן, אַז זיי וועלן דאָס אויפנעמען ווי אַ ווירדיקן דענקמאָל פאַר דעם פּריצייטיק־פאַרשטאָרבענעם יידישן שרייבער, לעקטאָר און קולטור־טוער בער י. ראָזען.

יצחק קאַהאַן

# בער י. ראָזען

(שטריכן צו זיין לעבן און שאַפן)

אין זיין לעבנס־וועג, אין זיינע געראַנגלען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער זיגזאַגישער לעבנס־וועג פון א דור, וואָס האָט דורכגעמאַכט א גרויסן קפיצת־הדרך.

ער איז געווען א קינד פון דער פאָלקס־מאַסע, וואָס האָט דורך א שטאַרקן לעבנס־ווילן זיך שעפעריש באַנייט און איז דורך אָרגאַ־ניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט אַרויף אויף דער געשיכטלעכער אַרענע. די באַגאַבטע און ענערגישע קינדער אירע האָבן זיך אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען און געוואָרן אירע וואָרט־זאָגער. בער י. ראָזען איז געווען איינער פון זיי.

זיין לעבנס־גאַנג איז אונדז נאָענט געווען, ווייל עס האָט אָפּ־געשפּיגלט אונדזער אייגן לעבן אין די לעצטע פופציק יאָר, וואו פרייד און טרויער, אמונה און יאוש האָבן זיך ווי פייערלעך געצונדן און געלאָשן. אייניקע פּרטים פון זיין לעבן און שאַפן וועלן דאָס אילוסטרירן.

* * *

ער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע דעם 29 דעצעמבער 1899. זיין געבורט איז אויסגעפאַלן נישט בלויז אויפן שוועל פון א נייעם יאָרהונדערט, נאָר אויך פון א נייער רעוואָלוציאָנערער תקופה אין דער וועלט־געשיכטע און אינם יידישן לעבן.

ביז 15־16 יאָר האָט ער באַקומען א טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג, געגאַנגען אין חדר, שפּעטער געלערנט אין בית־המדרש ביים פּאָריסאָווער רבין, ווי עס האָט זיך געפירט לויטן טראַדיציאָ־נעל־פרומען שטייגער. אָבער צו יענער צייט האָבן זיך שוין אין די מויערן פון טראַדיציאָנעלן שטייגער באַוויזן טיפע שפּאַלטן.

אין בית־המדרש, אין „שטיבל״, האָט שוין דער יונגער בחור געהערט וועגן י. ל. פּרץ, וועגן דער מחלוקה אַרום ר׳ הלל צייטלין; ער האָט אויך אויפגעכאַפּט נישט דערזאָגטע ווערטער וועגן די שטריי־קערס וואָס בונטעווען זיך קעגן קיסר. אָבער דאָס זענען נאָך געווען אומפאַרשטענדלעכע זאַכן, וואָס האָבן לעת עתה נישט געהאַט נאָך קיין ווירקונג אויפן יונגן בחור. דערצו האָט דער גורל געוואָלט ער זאָל יונגערהייט פאַרלירן דעם פאָטער און אויף אים זאָל פאַלן דער יאָך פון פּרנסה. און ווירקלעך האָט ער אַלצדינג געטאָן אַבי צו העלפן אויסהאַלטן די מאַמע און שוועסטער. ער האָט געאַרבעט ביי שטיינהאַקעריי, ביי באַן־אַרבעט, נישט געווען קיין צו שווערע זאַך וואָס ער זאָל נישט טאָן פאַר דער שטוב זיינער.

זיין געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער פאַמיליע איז יאָרן לאַנג געווען אַ שם דבר צווישן זיינע נאָענטע חברים און פריינד.

* * *

די ערשטע וועלט־מלחמה, די דייטשע אָקופּאַציע האָט אַריינ־געבראַכט גרויסע ענדערונגען אין בער י. ראָזענס לעבן.

אין 1916 האָט זיך אין יידיש־פּוילישן לעבן ראַשיק אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן אויפבלי.

איבער די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נעץ פון ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרייזן, כאָרן, שולן. אין דער לופט האָט זיך ממש געפילט אַ געזעלשאַפטלעכער רענעסאַנס פון בויען, שאַפן, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם אַקטיווערן טייל פון דער מאַסע מיט דער נאַציאָנאַלער פאָלקס־אינטעליגענץ און אידעאַליסטישע יוגנט בראש. און געווען איז דאָן אַ יוגנט אַ יונגערע ווי די היינטיקע, זי איז געווען מער אומרואיק, געזוכט העכערן תכלית, אידעאַלן, וועגן, אידייען, ווי אַן אָנהאַלט און אינהאַלט פאַרן אייגענעם לעבן.

בערל ראָזען איז געווען איינער פון אָט דער אומרואיקער און זוכנדיקער יוגנט. ער שלינגט יעדעס וואָרט מיט די אויגן. גייט אויף מיטינגען און פאָרלעזונגען, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן הערט ער זיך צו צו די רעדעס פון נח פּרילוצקין, פון נאָמבערגן. ער קומט הערן הלל צייטלינס רעפעראַטן וועגן גוטס און שלעכטס, דער

מהות פון יידישקייט און אַנדערע פילאָזאָפישע טעמעס; ער זאַפּט אַריין אין זיך וויסן און קענטעניש פון געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. עס דערגייען אויך צו אים סאָציאַליסטישע רעדעס און עס פאַרקניפּן זיך די סודותפולע קלאַנגען פון די שטרייקערס קעגן קיסר מיט סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידייען.

די נייע געדאַנקען און עמאָציעס ווערן דורכגעטאַשט, איבער־געקאָכט אין באַשטימטע פאָרמען. ביסלעכווייז הויבט זיך אָן ביי אים דער פּראָצעס פון אַוועקשטעלן דאָס אייגענע לעבן אויף באַשטימטע רעלסן, און ס׳קומט אים אונטער דער צופאַל, וואָס ער באַגעגנט דאָן צוויי מענטשן, וועלכע לייגן אַ חותם אויף זיין לעבנס־גאַנג און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. דורך זיי איז דער יונגער ראָזען נעענטער געוואָרן מיט דער יידישער ליטעראַטור און מיט דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג. דער ערשטער איז געווען ש. אַנסקי, דער צווייטער — וולאַדימיר מעדעם.

* * *

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און יאָרן נאָך איר האָט ראָזענס פאַמיליע געוואוינט אין אָטוואָצק, וואו עס האָבן געוואוינט, אָדער עס פלעגן אַראָפּקומען אויף דאַטשע, יידישע שרייבער און קינסטלער פון וואַרשע.

אין 1919 האָט זיך אין אָטוואָצק באַזעצט דער שריפטשטעלער ש. אַנסקי און זיין הויז איז געוואָרן דער צענטער פון די ליטעראַרישע קרייזן. צו יענער צייט האָט שוין דער יונגער ראָזען געהאַט שטיקלעך ליטעראַרישע אַמביציעס, געשריבן צו ביסלעך, לידער און קליינע דערציילונגען. אַ פריינד זיינער האָט דעם בחור אַריינגעפירט צו אַנסקין און אַנסקים געניט אויג האָט עפּעס דערזען אין דעם יונגן פליסיקן בחור, וואָס האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויפן אַלטן שרייבער. ש. אַנסקי האָט אים צוגעצויגן צו זיך, מקרב געווען און געמאַכט אים פאַר זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר. פאַר ראָזענען איז דער אַמט געווען נישט נאָר אַ גרויסע דערגרייכונג, נאָר אויך אַ טיפע איבערלעבונג. אַ קליינִיקייט, צו ניינצן יאָר ווערן אַנסקיס סעקרעטאַר! און צו יענער צייט, עטלעכע יאָר נאָך פּרצעס טויט, האָט די פאַר־יתומטע ליטעראַטן־משפּחה דאָס אַנסקי־הויז באַטראַכט ווי אַ המשך פון פּרץ־הויז. עס פלעגן צו אים כסדר אַראָפּקומען שרייבער, קינסט־לער, פון וואַרשע און פון דער פּראָווינץ. ביים יונגן בחור האָבן

די שמועסן, וואָס ער האָט געהערט אַרום ליטעראַטור־ און קולטור־פּראָבלעמען, די ליטעראַרישע אַטמאָספער און די באַגעגענישן מיט אירע שעפער, אַנטוויקלט און משפּיע געווען זיינע ליטעראַרישע נייגונגען און אַמביציעס. ראָזען פלעגט אָפט דערמאָנען יענעם פּעריאָד, וואָס האָט געמאַכט אַ ווענדפּונקט אין זיין לעבן. מיט פּיעטעט האָט ער אין שאַנכיי, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער, געצייכנט די אַנסקי־געשטאַלט, דעם מענטש און קינסטלער. ער האָט ביי אַנסקין פיל געלערנט וועגן יחיד און כלל, באַזונדערס וועגן דער פאָלקס־נשמה.

„ער איז געווען — שרייבט ראָזען אין זיין אַנסקי־פּאָרטרעט — אַ גוטער קענער פון דער פאָלקס־נשמה, ער האָט גוט געקענט דעם וועג צו איר, ער האָט געהאַט די נויטיקע מיטלען דערצו: שפּראַך, געמיט, צוגאַנג, און דאָס וויכטיקסטע, אַן אויג וואָס האָט דערזען, אַן אויער וואָס האָט דערהערט און איבער דעם אַלעם — אַ האַרץ, אַן אָפן האַרץ פאַר אַלץ וואָס איז מענטשלעך, אַ האַרץ וואָס האָט געפילט און רעאַגירט".

און דעם ליכטיקן אָנדענק פון אַזאַ גאָלדן האַרץ האָט ראָזען מיטגענומען מיט זיך אין זיין וואַנדער־וועג פון וואַרשע ביז מעלבורן. אין צייטן פון רשעות איז אַזאַ אָנדענק אַ נויטיקער אָנשפּאַר פאַרן ווייטערדיקן לעבן.

אויב דורך ש. אַנסקין האָט ראָזען זיך אינטימער באַקענט מיט ליטעראַטור און אירע שעפער, האָט ער דורך דער באַקאַנטשאַפט און באַגעגעניש מיט מעדעמען זיך דערנענטערט מיט די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט.

איך האָב מיט ראָזענען אין די לעצטע יאָרן אַ סך מאָל געשמועסט וועגן מעדעמען, וועגן דעם צויבער פון זיין פּערזענלעכקייט.

„מיט מיר האָט מעדעם נישט גערעדט וועגן די פּאַרוויסטונגען פון נויט, — האָט ראָזען אַ זאָג געטאָן צו מיר, — ווען מעדעם האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר האָט ער באַלד דערקענט, אַז ער דאַרף נישט ווייזן מיר די אָפּגרונטן פון נויט, נאָר שפּרייטן איבער זיי בלויע הימלען". מעדעם האָט דעם יונגן בחור דערציילט וועגן סאָציאַליסטישן אידעאַל — דער טרוים און די האָפענונג פון מיליאָנען מענטשן; וועגן בונדיזם, וואָס האָט אין יידישן לעבן אויפגעריסן

אַברייט פענצטער צו דער וועלט און די פאָלקס־מאַסן אריינגעצויגן אין גרויסן וועלט־געראַנגל פאַר באַפרייאונג.

באַווירקט פון מערעמס גערענקען־גאַנג, איז ראָזען געוואָרן אַ בונדיסט, אַ יידישער סאָציאַליסט. ער פאָרט דאַן אַרום איבער דער פּראָווינץ און העלפט גרינדן סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און אויף זייער ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר ווערט ער אויסגעוויילט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט".

אַ גרויסע ווירקונג האָט דאַן אויך געהאַט אויף ראָזענען ביינוש מיכאַלעוויטש. אין איינעם פון זיינע עסייען שילדערט ער דעם טיפן איינדרוק פון מיכאַלעוויטשעס באַגריסונג אויף יענעם צוזאַמענפאָר און די גרויסע מאָראַלישע אויסשטראַלונג פון זיין פערזענלעכקייט.

בער י. ראָזען איז נישט לאַנג געבליבן פּאָליטיש אַקטיוו, זיינע נייגונגען זענען געווען ליטעראַרישע. ער האָט ליב געהאַט דאָס בוך און אויך דאָס טעאַטער. ער איז טאַקע אַ שטיקל צייט געגאַנגען זיך לערנען אין דוד הערמאַנס דראַמאַטישער סטודיע. כאָטש קיין אַרטיסט איז ער נישט געוואָרן, איז אָבער די שול אים שטאַרק צונוץ געקומען שפּעטער אַלס רעדנער. ער האָט אין אַ צייט אַרום דוד הערמאַנען געצייכנט אין זייער אַ פיינעם עסיי, אויסגראָבנדיק פון זכרון, מיט פּינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער, די קינסטלערישע געשטאַלט פון אָט דעם גרויסן רעזשיסער, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַווירקט דעם יידישן טעאַטער. פון צייט צו צייט פלעגט דאַן ראָזען אויספּרובירן זיינע ליטעראַרישע פעאיקייטן אויף אַ ליד אָדער אַ דערציילונג. אין 1926 האָט ער אַרויסגעגעבן זיינע דערציילונגען אין אַ בוך־פאָרם אונטערן נאָמען „רוי ערד" (אייניקע פון זיי האָבן מיר אַריינגענומען אין דעם בוך). ער אַרבעט אין דער יידישער פּרעסע אין וואַרשע, וואָס פאַרשלינגט זיין גאַנצע פרייע צייט און רייסט אים אָוועק פון זיינע ליטעראַרישע פּאַראינטערעסירונגען. אין די יידישע זשורנאַליסטישע קרייזן האָט ער אַ נאָמען פון אַן ענערגישן און געוויסנהאַפטיקן אַרבעטער. ער ווערט דעריבער אויך סעקרעטאַר פון יידישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. אין די דאָזיקע טעטיקייטן האָט ער זיך אויסגעלעבט ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג.

* * *

אין סעפּטעמבער 1939 האָט ראָזען, צוזאַמען מיט אַנדערע

פּליטים, דורכגעמאַכט דעם נע־ונד־וועג, וואָס האָט געפירט פון וואַרשע קיין שאַנכיי און שפּעטער קיין אויסטראַליע. און וועגן דעם פּעריאָד וועלן מיר זיך אָפּשטעלן א ביסל לענגער.

* * *

אויף עמיגראַציע איז דאָס לעבן פון א מענטש, און אוודאי פון א יידישן מענטש, א הויכער פּרוביר־שטיין פון קענעןביישטיין שטרויכלונגען און נסיונות, וואָס ליגן אויפן וועג.

אין דער אַלטער היים האָט מען זיך גערעכנט מיט דעם און מיט יענעם, מיט עטישע און געזעלשאַפטלעכע נאָרמען. נישט אַלע האָבן נאַטירלעך זיך גערעכנט מיט די נאָרמען פון דעת הקהל, אָבער דער רוב האָט עס אינסטינקטיוו געפילט און — געצווימט זיך. דער טיפער זאָג: „ודע לפני מי אתה עומד”, כאָטש פאַרשידן אויסגעטייטשט ביי די וועלטלעכע און ביי די פרומע, איז געווען א דיסציפּלינירנדיקער פאַקטאָר אין לעבן פון יחיד און כלל. אָבער אז מען איז אַוועק אויף עמיגראַציע איז די דאָזיקע צוים לויז געוואָרן ביי פיל מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן הפקרדיק און ציניש.

ווייניק מענטשן טרעפן מיר אין די נייע ישובים, וואָס האָבן געשפּילט א ראָל אין דער אַלטער היים און דאָ, רחמנא לצלן, זענען זיי מאָראַליש און גייסטיק אויסגעשפּילטע? אין יעדן נייעם ישוב טרעפט איר זיי די „געוועזענע”, וועלכע זענען ד אָ ר ט געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו און שעפעריש, געלעבט מיט אחריות פאַר זיך — און נישט נאָר פאַר זיך! — און דאָ זענען זיי אויסגעטריקנט געוואָרן, גייען אַרום ווי לעבעדיקע שאָטנס פון אַמאָליקן יחוס, און דאָס איינציקע מיט וואָס זיי פאַראַדירן ציניש איז — ביטול צו גייסטיקע ענינים, צו יעטוועדער קולטור־ און ציבור־טעטיקייט.

שווער איז דער עמיגראַנטישער קלימאַט, די נישט שטאַנדהאַפּ־טיקע איז ער בכוח גייסטיק צו פאַרטעמפּן, פאַרוועלקן און שטום מאַכן. אויפן פאָן פון דער דעמאָראַליזירנדיקער הפקרות, פון דעם וויסטן מדבר, וואָס מען טרעפט אָן ביי די „אַמאָליקע”, טיילן זיך בולטער אויס די, וועלכע פאַרקערעוועז זייער לעבן אין אַן אַנדער ריכטונג, וועלכע פילן זייער לעבן אויס מיט אַן אַנדער אינהאַלט, מיט העכערן תכלית.

געציילטע זענען זיי. ממש אויף די פינגער צו ציילן, אָבער זיי זענען דער שטאָלץ פון ישוב, צו וועלכע מען קוקט אַרויף. און

צו דער קליינער גרופּע אין אויסטראַליע האָט געהערט בער י. ראָזען.

דאָס עמיגראַנטישע ברויט האָט אים נישט פאַרשאַדט, פאַרקערט, אויף עמיגראַציע איז ער אויסגעוואַקסן, זיינע פּעאיקייטן האָבן זיך אַנטוויקלט, ער איז געוואָרן רייפער, שעפערישער. לעבנדיק אין די שווידערלעכע באַדינגונגען פון שאַנכייער גיהנום, וואַכן אויף אין זיין זכרון די אינטימע בילדער פון „טלאָמאַצקע 13". פאַר זיין גייסטיק אויג מאַרשירן פאַרביי די שרייבער־קינסטלער מיט זייער באַהעמישקייט און געמיטלעכקייט; ער זעט די ווענט פון פאַראיינס־לאָקאַל מיט די בילדער אַרום, די שטאַם־געסט, די „ליטעראַרישע ביילאַגעס" און די טייערע האַרציקע חברה מיט וועלכע מען האָט אַזוי פיל געקיבעצט. ער דערמאָנט זיך דעם אויסזען, דעם דרך פון ה. ד. נאָמבערג, פון י. מ. ווייסנבערג און אַנדערע קינסטלער, און ער שרייבט וועגן זיי. ער גראָבט אויס פון דער פאַרגאַנגענהייט עט־לעכע עפּיזאָדן, זייטיקע שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן און אין קורצע שורות ברענגט ער אַרויס דאָס תוכיקע פון זייער מהות. ער שאַפט אַ סעריע „פּאָרטרעטן" פון פירער אין דער ליטעראַטור, טעאַ־טער און פּאָליטישן לעבן. ביי יעדן „פּאָרטרעט" — אַ שילדערונג פון זיין אויסערלעכן אויסזען נישט כדי צו פאָטאָגראַפירן זיין פּנים, נאָר צו ווייזן צי עס האָט האַרמאָניזירט מיט זיין אינערלעכן וועזן. אין אַ ריי פּאָרטרעטן איז ראָזענען געלונגען אַריינצודרינגען אונטער דער הויט. אַמבולטסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דעם פּאָרטרעט פון י. מ. ווייסנבערג. אָט ווי ער שילדערט אים:

„אַ כבד־פּה, געשלאָגן אויף דער צונג, שווער און פּאַמעלעך געטראַכט און נאָך שווערער און פּאַמעלעכער גערעדט. האָט ער אָבער געהאַט אַן אויג, וואָס האָט אויפן סובטעלסטן אופן געזען און דערזען דאָס עכטע און געפעלשטע אין דער ליטעראַטור. ווייסנבערג האָט פאַרמאָגט זייער אַ פילבאַרן ליטעראַרישן חוש, פילבאַר פאַר די דינסטע און איידלסטע ניואַנסן — להיפוך צו זיין פיזיאָנאָמיע, וואָס איז געווען אַ פאַרלייקענונג פון די דאָזיקע מעלות. פיזיש איז ווייסנבערג געווען כמעט אַ מאָנגאָלישער טיפּ: אַ מאָגער, אָפּ־געצויגן פּנים, אַ טעמפּלעכע רויטע נאָז און צוויי קליינע וואַסערדיקע אויגן, וואָס האָבן געקוקט זייטיק מיט חשד און אומצוטרוי. אַ טיפּישער פּויער. אין אָט דעם דאָזיקן „קעסטל" איז עס געווען

איינמאָנטירט איינער פון די איידלסטע מעכאַניזמען, וואָס האָט אַזוי פיין געזען, געהערט און רעאַגירט. ער האָט נישט געדאַרפט קיין סך אַראָפּצווייסן ביי עמיצן דעם לאָרבער פון קאָפּ".

ראָזען האָט גוט געוואוסט פון אַלע קוריאָזן און מעשיות, וואָס זענען אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע אַרומגעגאַנגען וועגן ווייסנבערגן. אָבער ער האָט געקענט אַרויסשיילן דעם תוך פון נעבן־זאכן, דעריבער האָט ער געקענט אַרויסברענגען דאָס תמציתדיקע פון דעם גרויסן קינסטלער אין זיין לעצטן טראַגישן פּעריאָד.

אויך אין אַנדערע אַרבעטן האָט ער אַרויסגעבראַכט זכרונות און בילדער פון דער אַלטער היים. געפילט האָט ער אין שאַנכייער ווייסטעניש די נויטווענדיקייט אַרויסצוראַטעווען פון שכחה דעם פאַרשניטענעם נעכטן און גלייכצייטיק אַריינטראָגן זיין אויסשטראַלונג אין דער היינטצייטיקייט, עס זאָל אָנוואַרעמען דאָס פאַרפרוירענע בלוט.

אין שאַנכייער פּעריאָד האָט ראָזען אָנגעשריבן שטימונגספולע בילדער פון דעם אַרומיקן לעבן. באַזונדערס טיילט זיך אויס אַן עסיי „אין די קאָבער בערג". די שיינקייט פון די קאָבער בערג און די אַרומיקע לאַנדשאַפט האָט פאַרכאַפּט זיין אויג און ווען ער שפּאַצירט אַזוי אַרום די בערג און טאָלן, באַגעגנט ער זיך מיט די טעמפּלען פון דער שינטאָאיסטישער רעליגיע, מיט מתפללים וואָס דריקן אויס זייער תפילה דורך פאַרטיפטן שווייגן. און שטייענדיק אַזוי נעבן די געטער אין די בערג, וועלכע זענען אַרומגערינגלט מיט אַבסאָלוטער שטילקייט, טויכט אויף אין זיין דמיון דאָס בילד פון די קאַרפּאַטן־בערג, ווען דער גרינדער פון חסידיזם האָט דאָס געט־לעכע געזוכט אין אַלץ וואָס לעבט אין דער נאַטור; און דער גאַנצער אַרום איז פאַר אים געווען איין גרויס געזאַנג צום בורא. זייענדיק אַזוי פאַרטיפט אין די דאָזיקע חזיונות, האָט ער פלוצים, נעבן די שינטאָאיסטישע געטער פון יאַפּאַן, געהערט יידישע ווערטער אָפּ־הילכן ביי די טעמפּלען. דער עסיי פאַרענדיקט זיך שטימונגספול, ווי צוויי יידישע קינדער שפּאַצירן אַרום אין די בערג מיט אַ יאַפּאַניש יונגל, מיט וועלכן זיי קענען זיך נישט פאַרשטענדיקן און זיי לערנען אים יידישע ווערטער, וואָס ער פאַרשרייבט און חזרט זיי איבער. אין דער שילדערונג האָט זיך אויף אַ פּרעכטיקן אופן געשאַפן אַ שלימות פון בילד, מחשבה און שטימונג.

אין שאַנכיי האָט ראָזען אָנגעשריבן אַ ריי אַרבעטן אויף אָרטיקע טעמעס, הומאָרעסקעס און דערציילונגען. נישט אַלע פאַרמאָגן די זעלבע וואָג און קוואַליטעט ווי די אויבנדערמאָנטע. אָבער אפילו אין די שוואַכערע זאַכן קען מען אויך געפינען דעם ליטעראַרישן בלוט־טראָפּן וואָס באַפאַרבט די אַרבעט.

* * *

בער י. ראָזען איז געווען אַ פּוילישער ייִד נישט בלויז פון אָפּשטאַם. דער פּוילישער ייִד אין זיין געשיכטלעכער אַנטוויקלונג האָט זיך אויסגעטיילט נישט נאָר מיט זיין אייגנאַרטיקן לעבנס־נוסח, נאָר אויך מיט זיין באַזונדערן קוק אויף דער וועלט, אפשיטא שוין אויף דער יידישער וועלט. דער עכטער טיפּ פון אָט די יידן האָט דאָך נישט בלויז געלעבט, נאָר אַלץ דורכגעלעבט טיף אין דער נשמה; נישט בלויז געטראַכט, נאָר דורכגעטראַכט מיט פאַרטיפונג. אָט די הויפּט־עלעמענטן פון היסטאָרישן פּוילישן יידנטום האָבן געפורעמט דעם מהות פון בער י. ראָזען. ער האָט פאַרמאָגט די וועזנטלעכע שטריכן פון פּוילישן ייִד: חסידישן ברען און מתנגדישע קילקייט, סקעפּטיציזם און טיפע אמונה, שאַרפזין און תמימות, ערנסטע באַטראַכטקייט און געמיטלעכקייט ביז לצנות.

ווען ער איז ביים אָנהויב פון חורבן אַוועק פון פּוילן, האָט ער מיטגענומען אין זיך, אין זיין אינגעווייד, די וואָרעמקייט פון דער אַלטער היים. די בענקשאַפט צו די אויסגעריסענע וואָרצלען האָט ער מיט זיין וואַנדערשטעקן מיטגעטראָגן אין די ווייטע מרחקים; און ווען ער איז אָנגעקומען קיין אויסטראַליע, איז זיין טרוים געווען איבערצופלאַנצן די אויסגעריסענע וואָרצלען אויף דעם היגן האַרט־נעקיקן באָדן.

גראָד איז בעת זיין אָנקומען קיין מעלבורן אָנגעגאַנגען אין דער יידישער וועלט די פיבערהאַפטע אַרבעט צו אָרגאַניזירן דעם וועלט־קאָנגרעס פאַר יידישער קולטור און ראָזען ווענדעט זיך דאַן צו די יידן אין אויסטראַליע:

„איצט איז געקומען די צייט אָפּצובויען דאָס יידישע קולטור־לעבן. אַ גרויסע און דערהויבענע אַרבעט. אויפן סדר־היום שטייט דער גייסטיקער, קולטורעלער און מאָראַלישער קיום פון די רעשטן פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע לעבן איז חרוב, אין חורבות ליגן די דערגרייכונגען פון צענדליקער דורות קולטור־נאַציאָנאַלע יצירה.

עס רופט צו מעשים אונדזער פיל טויזנט־יעריקע יידישע געשיכטע, סירופט אונדז און וועקט דער זעקס־מיליאָניקער יידישער ברודער־קבר, מיר זאָלן לעבן דאָס נישט דערלעבטע לעבן פון די זעקס מיליאָן קדושים; עס רופט אונדז, לעבן געבליבענע, צו דערפילן אונדזער הייליקן חוב לגבי זיי: אויסבויען דעם דענקמאָל פאַר זיי צו אייביקן זכרון און רום. אַזאַ דענקמאָל קאָן זיין נישט עפעס אַנדערש, ווי נאָר אַ באַנייט און בליענדיק יידיש קולטור־ און גייסט־לעבן אויף אַלע געביטן און אומעטום וואו נאָר עס לעבט און אָטעמט אַ יידישער מענטש.

„אַ גרויסע ירושה האָבן אונדז איבערגעלאָזט די פאַרגאַנגענע דורות. זינט טויזנטער יאָרן ווי מיר גייען איז דער געשיכטע פון דער וועלט ווי דער עם הספר, ווי אַ קולטור־פאָלק; טויזנטער יאָרן ווי מיר גייען אין דער וועלט מיט אַן אייגן פנים. אין אונדזער אייגן בלוט און שווייס, אין אונדזערע טרערן איז אויסגעווייקט דאָס יידישע וואָרט — לאָמיר עס אָפּהיטן! מיט עקשנות און מסירת־נפש איז דאָס יידישע וואָרט געטראָגן געוואָרן איבער דער וועלט זינט טויזנטער יאָרן — לאָמיר עס נישט אומברענגען, נישט פאַרטאַכליע־ווען, די גרויסע קולטור־ירושה, לאָמיר זי אָפּהיטן מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט און זאָרגן דערפאַר, אַז מיר זאָלן נישט זיין דער סוף, נאָר דער המשך פון אַ רומרייכן עבר צו אַ נישט ווייניקער רומרייכן עתיד. לאָמיר אָרגאַניזירן און בויען אונדזער יידיש, אונדזער נאַציאָנאַל און קולטורעל לעבן דאָ, אויפן אָרט" („אויפבוי", אָקטאָבער 1947).

* * *

פאַראַן מענטשן וואָס פאָדערן אַ סך צייט מ'זאָל קענען ווערן מיט זיי נאָענט. עפעס לאָזן זיי נישט צו צו זיך, זענען פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער און ס'נעמט צייט ביז זיי עפענען זיך אויף. און פאַראַן אַנדערע, וואָס זענען באַשאָנקען מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט צוצוציען מענטשן, אַרומצורינגלען זיך מיט פריינד. ביים ערשטן שלום־עליכם דערפילט מען דעם וואַרעמען קאָנטאַקט, די נאָענטקייט פון אַ מענטש וועלכן מען קען שוין יאָרן לאַנג.

צו דער לעצטער קאַטעגאָריע האָט געהערט בער י. ראָזען. ער האָט דאָ געלעבט פאַרהעלטענישמעסיק אַ קורצע צייט — ביי זיבן יאָר — און געהאַט האָט ער אַרום זיך נישט נאָר אַ חברישע סביבה

פון נאָענטע אייגענע מענטשן, נאָר אויך צענדליקער פריינד פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. און וואָס מער ער האָט זיך געזעלשאַפטלעך אַקטיוויזירט, אַלץ פּאָפּולערער איז געוואָרן זיין נאָמען. אוודאי האָבן צו דעם אַ גרויסן צושטייער געגעבן זיינע אָראַטאָרישע און שרייבערישע פעאיקייטן; אָבער אויך נישט אין קיין קלענער מאָס — זיינע כאַראַקטער־שטריכן. סיי אין זיין קיבעצן, סיי אין די פאַרטראַכטע ערנסטע אַרויסטרעטונגען זענען געקומען צום אויסדרוק זיינע אינדיווידועלע אייגנשאַפטן.

ער האָט פאַרמאָגט אַ סך געמיטלעכקייט, אָט דאָס וואָס מיר באַצייכענען אין העברעאיש — נוח לבריות, לייכט און אָנגענעם צו פאַרברענגען. אין יעדער שטוב וואו ער איז אַריינגעקומען, האָט ער געקאָנט אַריינברענגען לעבעדיקייט און אויפגערוימטקייט. באַזונדערס אויפגערוימט פלעגט ער ווערן אויף אַ שמחה ביי אייגענע, ער פלעגט יונגער ווערן, און אָפט אין מיטן דער שמחה פלעגט ער קענען זיך אַוועקזעצן אַ פאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט געווען אין אַן אַנדער וועלט.

— חבר ראָזען, וואָס זייט איר איצט אַזוי פאַרטראַכט? — האָב איך אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן.

— איר זעט, דאָרט טאַנצט אַ מאַמע מיט אַ זון, צי ווייסט איר וויפיל פרייד די מאַמע האָט איצט ביים טאַנצן? — און ער איז באַלד אַריבער צו דעראינערונגען וועגן זיין מאַמע, וואָס איז דאָ אויגנבליקלעך געשטאַנען אַ לעבעדיקע פאַר זיינע אויגן. מיר פאַרמאָגן דאָך אַלע ליבשאַפט און פּיעטעט פאַר אונדזערע מאַמעס, אָבער ביי ראָזענען איז עס געווען פיל מער, ס׳איז געווען אַ קולט.

* * *

אין מעלבורן האָט זיך ראָזען שטאַרק אַנטוויקלט. מיר האָבן עס נאָכגעפאָלגט, געזען ווי זיין געדאַנק ווערט פאַרטיפט; געפילט ווי ער וואַקסט אויס ממש פאַר אונדזערע אויגן אַלס שרייבער, רעדנער, לערער און קולטור־טוער. ביים שרייבן און רעדן האָט זיך ראָזען געקענט אָפּגעבן צו אַ טעמע מיט פולער באַגייסטערונג. ער האָט געהאַט קלאָרע מיינונגען, אָבער נישט אין די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען איז געלעגן זיין קראַפט, נאָר אין דעם אופן ווי ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט. פון קליינע, „גרויע" זאַכן האָט ער זיך געקענט אָנצינדן מיט התלהבות פון אַ חסיד. בכלל האָט ער פאַרמאָגט אַ סך פון

דעם חסידישן שמחת החיים, פון אַ לעבנס־מונטערקייט, וואָס ער האָט ארויסגעראַטעוועט און געהיט אין זיך ווי אַן אבן טוב. עס איז אַ מדרגה, ווען מען לעבט איבער אַזוי פיל מענטשלעכע רשעות פון אונדזער דור און מען איז שטאַרק גענוג נישט איינצוברעכן זיך אונטער דעם שווערן באַרג. און נאָך מער איז זיין אינערלעכער פּאַטאָס געקומען צום אויסדרוק, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער טריבונע. דאָ האָט ער זיך נישט געדאַרפט צוימען ווי ביים שרייבן. דער לעבעדיקער קאָנטאַקט מיט אַן אוידיטאָריע האָט אים דערוואַרעמט. ווען ער פלעגט רעדן וועגן דער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק, האָט מען געפילט, ווי ער האָט די טראַגעדיע אַריינגענומען אין זיך, אויפגענומען זי אין די אייגענע טיפענישן.

ווי אַ טריבון האָט ער דעם שוידער פון טויט אַריינגעטראָגן אין זאַל, געפונען די פּאַסיקע ווערטער אַריינצופּאַסן אונדזער אַלעמענס טרויער און נישט געזוכט דערביי אַן אויסשוים פון טרערן, נאָר געמאָנט אַ חוב, וואָס יעדער פון אונדז איז שולדיק די אומגעקומענע. פּונקט ווי זיינס אַ געטאָ־געדיכט, האָט ער אויך אין זיינע רעדעס אונדז דערמאָנט:

טו אויס די שיך!
אין ערפורכט לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ
און שווייג.
אַ הייליקייט איז יעדער שטיין,
און וואו דו זאָלסט נישט גיין —
איז אַש.
— — — — — — — — — — —
אַש פון לייב און פון געביין,
אַש פון האָפענונג און חלומות —
— — — — — — — — — —

די מאָנענדיקע שטים פון פאַרברענטן נעכטן האָט כסדר געקלונגען אין זיינע אויערן. זי האָט ביי אים געמאָנט חשבון פאַר זיין יחידישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי האָט געפאָדערט מעשים, מעשים בכל יום, און ער האָט זיך צוגעהערט צו דער דאָזיקער שטים, ער איז געוואָרן אַ פלאַנצער פון יידישער קולטור און אָפּגעגעבן אַלע זיינע כוחות און פעאיקייטן צו באַאַרבעטן דאָס פעלד. ער האָט איינגעזען, אַז אויף עמיגראַציע מוזן יחידים טאָן אַן אַרבעט וואָס

איז פריער אויסגעטראָגן געוואָרן דורך גאַנצע קיבוצים. פאַר אים, ווי פאַר אַנדערע, איז די דאָזיקע אַרבעט אַ חוב, וואָס מיר זענען שולדיק דעם פאַרשניטענעם יידישן לעבן און גלייכצייטיק אַ באַרעכטיקונג פאַרן אייגענעם לעבן, וואָס איז על פּי צופאַל ניצול געוואָרן. „אַזוי האָט מיך דער „בונד" דערצויגן", פלעגט ער אַ זאָג טאָן. און „בונד" איז פאַר אים געווען נישט נאָר אַ באַוועגונג פון הויכע אידעאַלן — נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע — נאָר אויך זיין אייביקע יוגנט. זיין גאַנץ באַוואוסטזיניק לעבן האָט ער דורכגעמאַכט אין דער באַוועגונג, וועלכע האָט אים געגעבן ענערגיע און געזעלשאַפט־לעכע אחריות, אַ סטימול צו אַרבעטן, צו בויען און שאַפן קולטור־פּאָזיציעס אין די אַלטע, ווי אין די נייע ישובים. דעריבער ווען דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן קיין אויסטראַליע, ווייט פון די גרויסע יידישע צענטערס, האָט ער אין וואָרט און אין שריפט געוועקט דעם ישוב צו נאַציאָנאַלער אחריות, דער קליינער קיבוץ זאָל זיך פילן און באַטראַכטן ווי אַ קליינער טייל פון אַ גרויסער גאַנצקייט.

די גרעסטע זאָרג אין די נייע ישובים איז דער יונגער דור, און ראָזען איז געוואָרן אין מעלבורן אַ לערער אין דער יידישער שול, דער נאָכוואוקס אונדזערער זאָל ווערן אַ יורש און נישט קיין פורש פון די אַלטע אוצרות.

ער האָט פאַר די קינדער אויפגעלעבט די אַלטע היים מיט אירע לעבעדיקע פולבלוטיקע יידן. אין זיינע ליטעראַטור־לעקציעס האָט ער געהאַט דעם כוח הי־געבוירענע און דערצויגענע קינדער אַריבער־צוטראָגן גייסטיק אין דעם יידישן קלימאַט פון מזרח־אייראָפּע. ראָזען, דער נישט געשולטער לערער, איז אין מעלבורן געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע קינדער־דערציער. און די קינדער האָבן אים ממש פאַרגעטערט! ער האָט געהאַט אַ צוגאַנג צו זייער געמיט; און געזוכט האָט ער אויך אַ צוגאַנג צום עלטערן דור. ער האָט פּרובירט אַראָפּשאַרן דעם אַש און פאַנאַנדערבלאָזן די לעבעדיקע קוילן ביי די יידן, ביי וועלכע עס איז נאָך געבליבן אַ לעבעדיקער פונק. צוליב דעם איז ער געוואָרן אַ טוער אין דער „קדימה", דער צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע אין מעלבורן, דער פּאָרזיצער פון איר קולטור־קאָמיסיע. אויף די קאָמיטעט־ און קאָמיסיעס־זיצונגען פלעגט ער תמיד קומען מיט נייע פּלענער און פּראָיעקטן. ער האָט אין דער „קדימה"־אַרבעט אַריינגעבראַכט געזעלשאַפטלעכן אויסבליק,

איניציאַטיוו, געוואַגטע פאַרמעסטונגען אויפצורודערן און באַאומ־רואיקן דעם ישוב מיט נאַציאָנאַלע גורל־פּראָבלעמען.

זיינע ארויסטרעטונגען האָבן פאַרמאָגט אַן אינערלעכן פייער. דורך אָט דער טעמפּעראַטור פלעגט ער זיך אַליין דערוואַרעמען און אָנצינדן די אוידיטאָריע מיט זיין אויפריכטיקער באַציאונג צו איר. אַ שאָד וואָס מיר האָבן נישט געלאָזט רעקאָרדירן אייניקע פון זיינע גייסטרייכע און איינדרוקספולע רעדעס פון זיינע לעצטע יאָרן. ווער האָט זיך געריכט, אַז זיי זענען שוין די לעצטע?

* * *

אין דעם שוין דערמאָנטן אַנסקי־פּאָרטרעט דערציילט ראָזען, ווי אויסערגעוויינלעך אינטענסיוו ש. אַנסקי האָט געאַרבעט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, „ווי ער וואָלט פאָראויסגעפילט, אַז קיין סך צייט איז שוין נישט פאַרבליבן". עפּעס פון דעם פאָרגעפיל איז אויך געווען ביי ראָזענען אין די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין לעבן (ער האָט דאָך געהאַט אַ גרונט דערצו, נאָך דעם שווערן האַרץ־אַטאַק, וואָס ער האָט באַקומען ערב זיין פאַרלאָזן שאַנכיי). ער האָט אינ־טענסיווער געאַרבעט, פּראָיעקטירט אַ סעריע „פּאָרטרעטן" פון גרויסע אַדוואָקאַטן אין פּוילן, וועלכע ער האָט נעענטער באַקענט אַלס צייטונגס־רעפּאָרטער. וועגן אייניקע פון זיי האָט ער שוין געהאַט געגעבן אַן אינטערעסאַנטן פּאָרטראַג אין „קדימה".

ער האָט אויך שטאַרק געאַרבעט איבער דער קוואַליטעט פון זיין שריפטלעכן וואָרט. ווען מען מאַכט אַ פאַרגלייך פון זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן אין וואַרשע (אַ חוץ זיין בוך „רויע ערד", האָט ער זיך אויך געדרוקט אין „וואַרשעווער שריפטן", אין אַלמאַנאַך פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין און אַנדערע זשורנאַלן) מיט זיינע עסייען און דערציילונגען פון שאַנכייער פּעריאָד, זעט מען בולט דעם ליטעראַרישן מהלך, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט פון וואַרשע ביז שאַנכיי. מעלבורן איז געווען פאַר אים נאָך אַן העכערער שטאַפּל אין זיין שרייבערישער אַנטוויקלונג. זיין וואָרט איז געוואָרן מער געשליפן, זיין סטיל — באַהויכט מיט אַן אינעווייניקסטער וואַרעמ־קייט. און ווי אַ גוטער סטיליסט, האָט ער זיך באַמיט צו געבן אַ סך דורך קנאַפּוואָרטיקייט, דעם „מועט המחזיק את המרובה".

ער האָט שטאַרק געאַרבעט איבער זיין סטיל, דאָס וואָרט געפּוצט און געשליפן, געהאַלטן אין איין זוכן די גאַנצקייט פון

אויסדרוק, די פולקייט פון בילד און די קלאָרקייט פון געדאַנק, הגם נישט תמיד זיי געפונען...

* * *

ער איז אַוועק פון אונדז אין מיטן דער אַרבעט, ווען ער איז נאָך געווען אַזוי פול מיט לעבן און מיט שעפערישקייט, דעם 23־טן נאָוועמבער 1954. פונקט צו די אַכט יאָר נאָכן ערשטן האַרץ־אַטאַק, האָט ער געיענדיק פון אַ שמחה אַהיים באַקומען אַ צווייטן אָנגריף, פון וועלכן ער איז תיכף געשטאָרבן. זינט זיין טויט האָבן מיר, זיינע פריינד, געטראַכט די גאַנצע צייט אַרויסצוגעבן אַ בוך פון זיינע שריפטן, אַ זאַך וואָס ער האָט געטרוימט אין זיינע לעצטע יאָרן און נישט געקענט פאַרווירקלעכן. מיר האָבן אָפּגעקליבן אַ ריי אַרבעטן, געשריבענע אין פאַרשידענע גייסטיקע קלימאַטן און אין דריי געאָגראַפישע פונקטן: וואַרשע, שאַנכיי, מעלבורן. נאַטירלעך, האָבן נישט די אַלע אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם בוך די זעלבע קוואַליטעטן. ביים אָפּקלייב האָבן מיר געהאַט אין זינען, אַז דאָס בוך זאָל געבן אַ קווערשניט פון זיין שאַפן אויפן געביט פון בעלעטריסטיק און פובליציסטיק. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַלע זיינע זשאַנערן: דערציילונג, ליד, עסיי, קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש, הומאָרעסקע און פובליציסטישער אַרטיקל (מיר האָבן נישט אַריינגענומען אין דעם בוך אַ ריי ליטעראַרישע עסייען, וואָס זענען אָקאָרשט אַרויס אין אַ באַזונדער בוך א. נ. „פּאָרטרעטן").

פון זיינע ערשטע אַרבעטן האָבן מיר אָפּגעקליבן צוויי דערציילונגען: „רויטע ערד" און „אָן קינדער". אין די דערציילונגען קומען צום אויסדרוק צוויי וויכטיקע עלעמענטן פון בעלעטריסטיק: באָאַבאַכטונגס־פעאיקייט און שילדערונגס־קראַפט. פאַר אַ שרייבער־אָנפאַנגער (ראָזען האָט זיי געשריבן אין אָנהויב צוואַנציקער יאָרן) זענען די דערציילונגען אַ גוטער קרעדיט.

פון זיין שאַנכייער פעריאָד האָבן מיר אַריינגענומען אין בוך אַ ריי אַרבעטן פון אָרטיקן, יידישן און אַלגעמיינעם, לעבן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ גרעסערער נישט געדרוקטער אַרבעט „קומט מאָרגן" און פון דאָרט אַרויסגענומען עטלעכע בילדער פון שאַנכייער לעבן. פאַראַן אין זיי טרעפלעכע שילדערונגען פון יידישע מענטשן אין פאַרשידענע סיטואַציעס, קוריאָזן פון שאַנכייער יידישן קלוב, אַלגעמיינע שטריכן און באַטראַכטונגען פון דער „קאָשמאַר־שטאָט",

וועגן וועלכער ראָזען באַמערקט: „דער טאָג ווען איך וועל פאַרלאָזן שאַנכיי, וועט זיין פאַר מיר אַ טאָג פון משוגעגער וואַנזיניקער פרייד".

ב. ראָזען איז געווען אַ שאַרפער באָאַבאַכטער פון מענטשן. אין די שאַנכייער בילדער כאַראַקטעריזירט ער זיי מיט אַ לייכטן צודעק פון איראָניע. דאָ און דאָרטן כאַפּט ער אויף דינע ניואַנסן, וואָס ווערן געוויינלעך קוים באַמערקט. ער האָט פיינע מעדיטאַציעס און רעפלעקסן אין זיין „מיין געזעגענונג מיט שאַנכיי".

צווישן די שאַנכייער בילדער איז פאַראַן אַ שילדערונג („מ'דאַרף וויסן פאַרוואָס מען טאַנצט"), וואָס האָט צוגעצויגן אונדזער אויפמערקזאַמקייט. עס איז אַ בילדל פון אַ שמחת־תורה ביי די ליובאַוויטשער חסידים אין שאַנכיי, מיט אַ התלהבותדיקן תורה־טאַנץ. אין דער שילדערונג איז דאָ שטימונג און בילדערישקייט, אָבער באַזונדערס ווירקט דער סימבאָלישער פינאַל, ווען אַ פראַנטיש־אויסגעפּוצטער יונגערמאַן רייסט זיך אַריין, ווי „אַ יוון אין סוכה", צווישן דעם קרענצל צעפלאַמטע חסידים און איינער פון זיי טוט צו אים אַ שאַרפֿן זאָג: „יונגערמאַן, מען דאַרף וויסן פאַרוואָס מען טאַנצט". דער טיפער זאָג רופט אַרויס נאָכטראַכטענישן און פאַרשידענע אַסאָציאַציעס.

* * *

אין מעלבורן, דער לעצטער עטאַפּ פון זיין לעבן, האָט ראָזען געפונען אַ ברייטער פעלד פאַר ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער טעטיקייט. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דעם זשורנאַל „אויפבוי" און דאָרט געדרוקט קאַפּיטלען פון זיין בוך „טלאָמאַצקע 13". ער האָט געהערט צו דער רעדאַקציע־קאָמיסיע פון דער בונדישער צייטשריפט „אונדזער געדאַנק" און זיך באַטייליקט מיט אַ ריי אַרטיקלען. ער האָט געשריבן אין די היגע יידישע וואָכנבלעטער און אין דעם זשורנאַל „מעלבורנער בלעטער". פון זיין לעצטן פעריאָד האָבן מיר אָפּגעקליבן אַ ריי פּובליציסטישע אַרטיקלען, עסייען און געטאָלידער.

נישט לאַנג פאַר זיין טויט האָט ראָזען פאַרטראַכט אַ גרעסערע ליטעראַרישע אַרבעט — צו דראַמאַטיזירן פאַרן יידישן טעאַטער שלום אַשס „תהילים־ייד". אַ חוץ דעם האָט ער פּלאַנירט אַ סעריע וויכטערדיקע עסייען־פּאָרטרעטן פון יידישע און נישט־יידישע פער־

זענלעבקייטן. ער האָט זיך ארומגעטראָגן מיט נאָך אַנדערע פּראָיעקטן און פּלענער. געטרוימט וועגן אַ רייזע קיין אַמעריקע צו דערגאַנצן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל צו די פּלאַנירטע עסייען־פּאָרטרעטן, באַקענען זיך אויפן אָרט מיט דער נאָך־מלחמהדיקער יידישער וועלט און טרעפן זיך מיט נאָענטע חברים און פריינד. אַ צוק אין הארץ, דעם 23־טן נאָוועמבער 1954, האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע זיינע פּלענער...

יוסף גיליגיטש

# בער י. ראָזען — דער לערער

די גרעסטע זאָרג ביי יעדן ציוויליזירטן פאָלק איז די דערציאונג פון דעם יונגן דור. דער בעסטער באַווייז פון דעם קולטורעלן מצב פון אַ פאָלק איז זיין שול־בודזשעט: וואָס העכער דאָס פאָלק שטייט אויפן לייטער פון ציוויליזאַציע, אַלץ מער שולן בויט עס, אַלץ מער אַכט לייגט עס אויף דער קוואַליטעט פון זיינע שולן.

אָבער די שול איז נישט נאָר אַ בילדונגס־אַנשטאַלט, וואו די קינדער באַקומען דעם סכום נויטיקע ידיעות, וואָס וועלן זיי צונוץ קומען אין זייער שפּעטערדיקן לעבן; זי איז אויך אַ דערציאונגס־אַנשטאַלט, וואו עס ווערט אויסגעפורעמט דער קומענדיקער בירגער פון דעם געגעבענעם לאַנד.

ווען מיר קוקן זיך צו צו דעם כאַראַקטער פון די שולן ביי פאַרשידענע פעלקער, וועלן מיר זען, אַז די דערציאונג ביי אַלע פעלקער גייט אין איין באַשטימטער ריכטונג: איינפלאַנצן ביים קינד ליבע, קרבנות־גרייטקייט פאַר זיין לאַנד, אַנטוויקלען ביים קינד דעם פּאַטריאָטישן געפיל.

איך שטרייך אונטער: כמעט אין אַלע שולן, ביי אַלע פעלקער ווערט דער טראָפּ אין דער דערציאונג געלייגט אויף דער איבערגעגעבנקייט פונם קינד צו זיין לאַנד; אַ סך ווייניקער ווערט געזאָרגט וועגן צובינדן דאָס קינד צו זיין פאָלק. באַזונדערס בולט פילט זיך די טענדענץ אין די שולן פון די לענדער, וואָס זענען באַזעצט פון פאַרשידענע פעלקער, ווי: רוסלאַנד, שווייץ, בעלגיע, דאָס געוועזענע עסטרייך־אונגאַרן און אַנדערע.

גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער האָבן געטראָגן די יידישע דערציאונג־אַנשטאַלטן אין משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר.

דאָס פאָלק און נישט דאָס לאַנד איז געווען דער הויפּט־

צענטער, אַרום וועלכן ס׳האָט זיך געדרייט די גאַנצע יידישע דערציאונג, ווייל יידן זענען מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער געווען באַזאָרגט וועגן קיום האומה. צעזייטע און צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, וואָלטן זיי שוין לאַנג זיך אויסגעמישט מיט די אַרומיקע פעלקער און ס׳וואָלט פון זיי קיין זכר נישט געבליבן, ווען אונדזערע חכמים וואָלטן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק נישט פּראָקלאַמירט אונדזער וואָרט־קולטור — דאָס לערנען, ווי איינע פון די וויכטיקסטע מצוות־עשה.

דער ייד איז געווען פרום, האָט אָפּגעהיט די תרי״ג מצוות, אָבער פּונקט אַזוי האָט ער אָפּגעהיט דעם געבאָט פון לערנען, פון והגית בהם יומם ולילה, ווייל תלמוד תורה כנגד כולם איז געווען דער הויפּט־פונדאַמענט, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געהאַלטן דער קיום פון פאָלק. יידן האָבן געלערנט נישט צוליב מאַטעריעלע צוועקן, נישט כדי זיך צו דערשלאָגן צו אַ בעסערער עקאָנאָמישער פּאָזיציע, — ביי יידן איז עס געווען תורה לשמה, לערנען צוליב לערנען, ווייל די אייגענע קולטור איז געווען איינער פון די שטאַרקסטע מיטלען אויפצוהאַלטן דאָס יידישע פאָלק.

אויך אָביעקטיווע באַדינגונגען, ווי שטענדיקע פאַרפאָלגונגען, אָפּגעשלאָסענע וואוין־ערטער אין געטאָס אין מערב־אייראָפּע און אין תחום המושב אין רוסלאַנד, וואו יידן האָבן געלעבט אין גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסן, האָבן אַ סך צוגעהאָלפן אין אויפהאַלטן דעם אייגנאַרט און אַנדערשקייט פון יידישן פאָלק.

אָבער די עמאַנציפּאַציע, די השכלה און באַזונדערס די שפּעטערדיקע רוסישע רעוואָלוציע, האָבן צעבראָכן די ווענט פון דעם פיזישן און אויך פון דעם גייסטיקן געטאָ, אין וועלכן יידן האָבן געלעבט אין משך פון טויזנטער יאָרן. דער ייד איז געקומען אַלץ מער אין באַרירונג מיט דער אַרומיקער סביבה, איז אַלץ מער פון איר באַווירקט געוואָרן און אַלץ מער געמוזט זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען.

האָבן יידישע קינדער געמוזט פאַרבייטן דעם חדר אויף שולן, און אפילו די חדרים, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן, זענען רעפאָרמירט געוואָרן, טיילווייז פאַרוועלטלעכט געוואָרן.

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין פּוילן, און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אין רוסלאַנד, אַנטשטאַנען יידישע שולן, וואו

דאָס יידישע קינד האָט געקענט באַקומען אַ פולשטענדיקע יידישע און אַלגעמיינע בילדונג און דערציאונג. די דאָזיקע שולן האָבן צוגעגרייט אַ יידישע יוגנט, וואָס זאָל זיך אויסלעבן אין יידיש, זיין ענג צוזאַמענגעוואַקסן מיט די יידישע מאַסן, רעדן די שפּראַך פון פאָלק און לעבן דאָס לעבן פון פאָלק.

ס'האָט זיך אָבער נאָר געביטן דער כאַראַקטער פון די שולן — דער ציל איז געבליבן דער זעלביקער: קיום האומה, איינהאַלטן אַ יידיש לעבן אין אַ ים פון פרעמדע פעלקער מיט פרעמדע קולטורן.

ווען יידן האָבן אין גרעסערע מאַסן עמיגרירט פון פוילן, פון רוסלאַנד, איז דאָ, אין די אימיגראַציע־לענדער, די זאָרג פאַר דעם קיום האומה געוואָרן נאָך גרעסער ווי אין דער אַלטער היים. דאָס יידישע קינד האָט פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון טאָג אין אַ פרעמדער סביבה, מיט אַ פרעמדער קולטור; די חברים מיט וועלכע עס האָט זיך געשפּילט נאָך דער שול זענען אויך מערסטנטייל געווען נישט קיין יידישע, און אין דער היים גופא איז דער אַלטער יידישער לעבנס־שטייגער אויך נישט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן, — איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אַז דער יונגער דור האָט נישט געהאַט קיין פעסטן אָנהאַלט אין יידישן לעבן און איז אָפט מאָל אַוועק אויף פרעמדע וועגן.

שטאַרק באַזאָרגט וועגן גורל פונם יונגן דור, האָבן די עמיגראַנטן אין די נייע היימען געגרינדעט יידישע לערן־ און דערציאונג־אַנשטאַלטן, כדי זייערע קינדער זאָלן נישט אָפּגעריסן ווערן פון זייער היים און פון זייער פאָלק.

מערסטנטייל זענען דאָס געווען צוגאָב־שולן. די קינדער האָבן בייטאָג געלערנט אין די מלוכהשע שולן אויף דער לאַנד־שפּראַך, פאַרשטייט זיך, און נאָך מיטאָג און זונטיק זענען זיי געקומען אין דער יידישער שול.

דאָ און דאָרט זענען געמאַכט געוואָרן פּרואוון צו עפענען יידישע טאָג־שולן, אָבער נישט אַלע מאָל האָט זיך דער פּרואוו איינגעגעבן. דער גרעסטער טייל יידישע שולן אין די אימיגראַציע־לענדער זענען געבליבן צוגאָב־שולן. זייער ווירקונג אויפן יידישן קינד איז געווען אַ סך קלענער ווי אין דער אַלטער היים, אָבער דער ציל זייערער איז געבליבן דער זעלביקער — קיום האומה.

די אויפגאַבע פונם לערער אין די דאָזיקע שולן איז געווען אַ

סך שווערער ווי אין דער אַלטער היים. ער האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך מער מיטלען צוצוציען די קינדער צו דער שול, פאַראינטערע־סירן זיי מיט די יידישע לימודים און דורך דער שול פאַרבינדן זיי מיט זייער אייגענער היים, מיט זייער אייגענעם שטאַם. דער לערער האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך אידעאַליזם, איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער שול און דער עיקר אַ שטאַרקע ליבע צו די קינדער, וועלכע זאָלן דערפילן אין אים זייער פריינד, זייער פירער, זייער וועגווייזער.

זייער ווייניק אַזעלכע לערער האָט מען געקענט געפינען אין די אימיגראַציע־לענדער, באַזונדערס פאַר די עלטערע קלאַסן. און האָט מען געפונען אַזאַ לערער, איז עס געווען אַ גרויס געווינס פאַר דער שול, אַ ברכה פאַר די קינדער און די עלטערן.

אָט אַזאַ לערער איז געווען בער י. ראָזען, דער לערער פון יידישער ליטעראַטור און געשיכטע אין דער פרץ־שול, אין מעלבורן.

ביז מעלבורן איז ראָזען קיינמאָל קיין לערער נישט געווען. ווען ער איז געקומען פון שאַנכיי און איך האָב אים פאָרגעלייגט איבער־צונעמען דעם לימוד פון יידישער ליטעראַטור אין דער פרץ־שול, האָט ער מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און זיך גלייך אָפּגעזאָגט:

— וואָס הייסט? ווי קען איך זיך אונטערנעמען צו געבן יידישע ליטעראַטור אין אַ שול, אַז איך האָב קיינמאָל מיט קיין קינדער נישט געהאַט צו טאָן; אַז איך ווייס נישט ווי מען גייט צו צו זיי, מיט וואָס קען מען זיי פאַראינטערעסן? — האָט ער געטענהט.

איך האָב לאַנג געדאַרפט אים איינרעדן, ביז ער האָט סוף כל סוף מסכים געווען, אָבער מיט אַ תנאי, אַז די ערשטע צייט, לכל הפחות, זאָל איך אים העלפן. אוודאי האָב איך אים דאָס צוגעזאָגט און ער האָט אָנגעהויבן לערנען אין די עלטערע דריי קלאַסן פון דער שול.

דאָס ערשטע יאָר איז ער כמעט נאָך יעדער לעקציע געקומען צו מיר זיך טיילן מיט זיינע איינדרוקן, פרעגן אַן עצה און דערציילן ווי אַזוי ער גרייט זיך צו צו זיינע לעקציעס. מיט פרייד פלעגט ער דערציילן וועגן אַן איינגעגעבענער לעקציע; און פאַרקערט, אויב אַ לעקציע האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, פלעגט ער זיך גריבלען און זוכן די סיבה פאַרוואָס. ער האָט פאַרמאָגט אַ טיפן אחריות־געפיל, דרך־ארץ פאַר דער שול און האָט נישט געקענט געבן גלאַט

אַזוי אַ לעקציע. ער האָט געוואָלט זען, פילן די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט.

מיט וואָס פאַר אַ דערהויבנקייט האָט ער גערעדט צו די קינדער וועגן מענדל פרנס, וועגן יוכבדן, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם, וועגן שלמהן, וועגן דבורהלען, וואָס האָט זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן, כדי צו שטאַרבן בקדושה ובטהרה („קידוש השם" פון שלום אַש). מיט וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם האָט ער דערציילט וועגן חסידות, אַנאַליזירט די טיפן פון יחיאלן און דעם קאַצקער, ווען ער האָט געלערנט מיט די קינדער דעם „תהילים ייד" פון שלום אַש. ער האָט די פרעמדע אַטמאָספער געמאַכט נעענטער פאַר די קינדער, היימישער, פאַרשטענדלעכער.

איך פלעג אָפט בייזיין אויף זיינע לעקציעס. ער איז געווען אין זיין אייגענער סטיכיע. אַליין פאַרליבט אין דער יידישער ליטע־ראַטור, פלעגט ער מיט דער דאָזיקער ליבע אָנשטעקן אויך די קינדער און די לעקציעס פלעגן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אינטערעסאַנטן לעבעדיקן שמועס, מיט וועלכן ער האָט מייסטערהאַפט אָנגעפירט. גע־לייענט האָט ער זייער שיין, אויסדריקלעך, זענען די קינדער אויף זיינע לעקציעס געזעסן מיט אָפענע מיילער און געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס.

ער איז געווען נישט נאָר אַ גוטער לערער, נאָר אַן עלטערער חבר פאַר די קינדער, וועלכע זענען אָפט געקומען צו אים מיט פאַר־שידענע פראַגן, וואָס האָבן זיי אינטערעסירט. ער האָט שטענדיק אויפמערקזאַם זיי אויסגעהערט, געהאָלפן זיי מיט אַ ראַט, און די קינדער האָבן זיך געפילט זייער נאָענט מיט אים.

אָט ווי אַזוי עס שרייבט וועגן אים זיינע אַ שילערין פון ניינטן קלאַס, מרים בוקס, אַ דערשיטערטע פון דער טרויעריקער ידיעה וועגן פלוצימדיקן טויט פון איר באַליבטן לערער:

„...אונדז, זיינע שילער, האָט זיין טויט געטראָפן ווי אַ דונער. מיר האָבן אַלע פאַרלוירן אַ ליבן פריינד, לערער און וועגווייזער.

אַ פריינד — ווייל דער לערער ראָזען האָט זיין לערנען נישט באַטראַכט ווי אַ פּראָפעסיע. ער איז געווען פאַראינטערעסירט אין יעדן איינעם פון אונדז באַזונדער, געקענט אונדז, און מיט זיין וואַרעמען בליק געפרואווט זוכן אין אונדזערע נשמות דאָס בעסטע און נוצלעכסטע. ער האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז די גאַנצע שיינקייט

און גרויסקייט פון אונדזער רייכער יידישער ליטעראַטור און געשיכטע. ער האָט איינגעפלאַנצט אין אונדז וואַרעמע יידישע געפילן, געלערנט אונדז ווי אַמבעסטן די ווערט פון אונדזער קולטור אָפּצושאַצן.

נישט נאָר איז דער לערער ראָזען געווען פאַראינטערעסירט אין אונדז אַלס יידישע יוגנט, אַלס די צוקונפט פון יידישן פאָלק, וועלכע וועט ווייטער דאַרפן ציען דעם פאָדים פון אונדזער פאַרשניטענער, וואונדערבאַרער פאַרגאַנגענהייט. ניין, נישט נאָר דאָס האָט אים אינטערעסירט. ער האָט געזוכט ביי יעדן איינעם פון אונדז דאָס בעסטע, דאָס אינדיווידועלע. ער האָט געמאָנט און געזאָגט, אַז מיר קענען און דאַרפן געבן אַן אויסדרוק פון דעם, וואָס מיר פילן און לערנען.

און דערפאַר טאַקע איז ער געווען אונדזער פערזענלעכער, איבערגעגעבענער פריינד...

...מיר זענען אָנגעשטעקט געוואָרן פון זיין ענטוזיאַזם. ער האָט זיין גאַנצן ברען און גרויסע ליבע פאַר אַלץ וואָס איז יידיש איבער־געפלאַנצט אין אונדז. ער האָט דערוועקט אין אונדז אַ גרויסע איבערגעגעבנקייט פאַר דעם אַלעם, וואָס ער האָט געלערנט. מיר האָבן ליב באַקומען זיינע לעקציעס און געשטויסן געוואָרן אַליין צו לייענען יידישע ביכער.

מיט אַלע פראַגן און ספקות האָבן מיר געקענט קומען צום לערער ראָזען, וועלכער האָט פאַר אונדז שטענדיק געהאַט צייט און גערולד אַלץ אויפצוקלערן.

עס איז אַזוי פיינלעך צו טראַכטן, אַז דער לערער ראָזען לעבט שוין נישט. ליידיק איז געבליבן זיין אָרט אין פראָנט פון קלאַס און אָפן דאָס נישט פאַרענדיקט בוך פון „תהילים יידי..."

בער י. ראָזען איז פיזיש נישט געווען קיין גרויסער גיבור. די וואַנדערונגען אין דער צייט פון דער מלחמה, די הונגער־יאָרן אין שאַנכיי האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט און אין 1946 האָט ער אין שאַנכיי געהאַט אַ האַרץ־אַטאַק. ער האָט זיך געדאַרפט היטן נישט צו שווער אַרבעטן. די שול אַליין האָט אים קיין פּרנסה נישט געקענט געבן, האָט ער אויך געאַרבעט אין אַ פאַבריק, איז דאָס אים געווען צו שווער. די פרוי, די קרובים האָבן געפאָדערט, ער זאָל אויפגעבן אַ טייל פון זיין אַרבעט. ער איז אַוועק פון פאַבריק, אָבער פון דער שול האָט ער נישט געקענט אַוועקגיין. צו ענג צוזאַ־

מענגעוואַקסן איז ער געווען מיט איר, צו שטאַרק האָט ער געפילט
די וויכטיקייט פון אַ יידישער שול, אַ קליין אינדזעלע אין ברוויזנדיקן
ים פון אַסימילאַציע, ער זאָל זיך קענען אָפּזאָגן פון איר. ער איז
געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן...

אין דער נייער פּרעכטיקער געביידע פון דער פּרץ־שול איז דאָ
אַ קלאַס אויפן נאָמען פון בער י. ראָזען. הענגט אויף דער וואַנט,
איבערן טאָוול, זיין פּאָרטרעט. שמייכלט ער ליבלעך צו די קינדער,
וואָס זיצן אַנטקעגן אים אויף די שול־בענק און מיט זיינע מילדע
גרויע אויגן דערמוטיקט ער זיי צו אַרבעטן, צו לערנען, צו זיין און
צו בלייבן געטרייע קינדער פון יידישן פאָלק.

# אין די קאַבער בערג

א מאָדנער בוי פון א שטאָט, די שטאָט קאָבע. זי ליגט ווי א בייגל צופוסנס דעם שטילן אָקעאַן, וואָס איז גאָרנישט אַזוי שטיל ווי ער טיטולירט זיך, און צוקאָפּנס פון אַ קייט מיטל־הויכע בערג. דער ישוב ליגט אין אַ נישט פּראָפּאָרציאָנעלער לענג צו זיין ברייט. פון איין עק שטאָט ביז דער אַנדערער פירן טראַמוויין, באַנען אויף און אונטער דער ערד און די ברייט פון דער שטאָט קאָן מען דורכשניידן אין אַ געמיטלעכן שפּאַציר אין משך פון מינוטן.

מיט אַזעלכע צוויי שכנים — דעם ים און די בערג — איז נישט צו מאַכן. די גרענעצן זענען שטרענג אָנגעצייכנט און ניש־קשהדיק באַוואָרנט קעגן יעדן פאַרכאַפּערישן פּרואוו מצד דעם עקספּאַנסיוון באַשעפעניש אויף צוויי פיס.

עפּעס איז יאָ געלונגען אַ קראַץ צו טאָן פון די פּיאַטעס פון די בערג: אויפן רוקן האָט מען אויסגעבויט אַ פּאָר טאַראַסן־אַרטיקע גאַסן אויף וועלכע מען האָט אַוועקגעשטעלט שורות קאָרטן־הייזקעס. פון דער ווייטנס דערמאָנט עס אָן אַ באַוואוינטן סטאַדיאָן, אַ ריזיקן אַמפּיטעאַטער אונטערן אָפענעם הימל. ווייטער גיין, העכער בויען האָט זיך שוין נישט געלאָזט. ס׳איז דער מאַקסימום פון מענטש־לעכער עקשנות און אפשר אויך פון דער בערגישער סבלנות. דער ים האָט אַזוי פיל אויך נישט געגעבן צושטייער. דער ים איז נערוועזער און ווייניקער טאָלעראַנט, וואָס ער פאַרטראָגט נישט — שלינגט ער איין...

די גרענעצן צווישן ים, ישוב און די בערג זענען איינגעשטעלט מקדמונים און, ווי געזאָגט, שטרענג. אָבער דאָס לעבן איז פרידלעך און שיין.

די בערג — בטבע גאַסטפריינטלעך ווי זיי זענען — האָבן גאָרנישט קעגן דעם, אַז דו זאָלסט מיט מי און שוויים און אפילו מיט סכנות־נפשות אַרויפקריכן אויפן סאַמע קאַרק און דאָרט, אין

בראשיתדיקער שטילקייט און לויטערער קילקייט, אין פּאַרדינטן אָפּרו, באַוואונדערן די מאַכט און שיינקייט פון די בערג און זייער ארום. און פון דער ווייטנס איז אפילו דער ים פאַרפירעריש מילד און לאַקנדיק. ער שמייכלט צו דיר, ווינקט פילפאַרביק און איז מלא חן:

— פון דער ווייטנס, פון סאַמע שפּיץ באַרג, קוק, באַוואונדער און האָב הנאה.

פאַרנאַכט, צו שקיעה, ווען די זון טוקט זיך אַ צעגליטע אין די כוואַליעס, אַז פונקען שפּריצן פון ים ארויס, ווען דער ים גלעט, לעקט און לעשט די צעשמאָלצענע היץ און עס צעשפּילט זיך אַ פאַרביק געזאַנג פון ים ביזן הימל, פון טיפסטער טיף ביז העכסטער הויך, אַ געזאַנג פון אייביק ביז אייביק, אַזוי — ביז רויט ווערט בלאָס און גרוי און בלוי און גראַנאַט און לסוף — טיפע, סוד־סודותדיקע נאַכט... דעמאָלט, דעמאָלט זיצן אויף אַ באַרג־שפּיץ און באַוואונדערן די מעכטיקייט פון דעם, וואָס דיינע אויגן האָבן געזען און דערקענען די אייגענע שפלות, דיין נישטיקייט און איינזאַמקייט — וואָס קען נאָך זיין דערהויבענער, רעליגיעזער דערפון? דאַרפסט דעמאָלט האָבן אין זיך די גבורה פון אַ באַרג, כדי צו בלייבן זיצן דאָרט וואו דו זיצסט און נישט אָפּרייסן זיך, פאַנאַנדערלאָזן די הענט ווי פליגל און אַ שפּרונג טאָן פון סאַמע שפּיץ באַרג ווייט אַוועק — ארויף אין די העכסטע הויכן, אָדער אַראָפּ אין די טיפסטע טיפן...

* * *

געטלעכע שטילקייט הערשט אין די בערג.

צום וויפילטן מאָל איז שוין די דאָזיקע פראַזע געזאָגט געוואָרן? איך חזר זי איבער נאָכאַמאָל און זי וועט נאָך נישט איינמאָל געזאָגט ווערן, ווייל אַבסאָלוטע שטילקייט איז געטלעך. אין געשריי און געדודער האָט מען דעם מענטש אַן אמונה גענומען און אין שטילקייט האָבן גלויביקע גאָט געזוכט און צו אים גערעדט... ווייל מעכטיקער פון ים, פון די בערג, און פון אַלע סטיכיעס איז די סטיכיע פון שטילקייט...

דער חסידיזם, יענער פאָלקסטימלעכער אויפשוואונג פון עקסטאַ־טישער פרייד, באַוואונדערונג און לויב, איז געבוירן געוואָרן אין די בערג. אַן איינפאַכער מענטש, אָן גלאַנץ און שמוק, האָט אין

די קאַרפּאַטן־בערג אַרום קוטי געוואַנדערט און דאָרט זיך מיט גאָט באַהאָפּטן — מער באַוואונדערט אים, געליבט, ווי געבעטן... אויס־געגאַנגען אין בענקשאַפט און פאַרכלינעט געוואָרן אין פרייד. דאָרט, אין די בערג, האָט ער זיך באַהאָפטן מיט אַלץ וואָס לעבט: געוויקס, בעל־חי ווי מענטש, אין יעדן פון זיי געפונען גאָט און מיט זיי אַלע זיך צונויפגעגאָסן אין איין גרויס געזאַנג פון פרייד און חדוות־היצירה...

צו דער דאָזיקער פרייד און דערהויבונג האָט ער געפירט זיין עדה.

דער נאָמען פונם דאָזיקן מענטש איז געווען ר׳ ישראל בעל־שם.

* * *

שינטאָאיזם דאָס איז אַ גאַנצע סיסטעם געטער, אין די מיליאָ־נען. און אין די טויזנטער זענען צעזייט איבערן גאַנצן יאַפּאַנישן לאַנד — טעמפּלען. טעמפּלען אין מיטן שטאָט, אין מאַרק, אין די האַנדלס־ און פאַרווײַלונגס־צענטערן, ביים ברעג ים און אפילו אין ים גופא און אין די בערג. צום מיינסטן טאַקע דאָרט — אין און אויף די בערג. אין געפלאָסטערטע ווינקלען, אין וואַלדיקן שאָטן און טאָליקער שטילקייט שטייען יאַפּאַנס געטלעכע פּאַלאַצן. צו די דאָזיקע פּאַלאַצן אויף די שפּיצן בערג פירן ברייט צעליינטע שטיגן, באַשטעלטע מיט לאַמפּיאָנען פון ביידע זייטן און געדעקטע מיט רויטע טויערן, וואָס פירן ביזן טעמפּל.

די טעמפּלען זענען געהיטן און געשיצט דורך געהייליקטע שומרים — חיות־פיגורן, פוקסן מיט בייזע מענטשן־פּנימער איינגע־קוואַרטע פון רשעות, מאַוימדיק בייזע, דראָענדיקע פּרצופים אָפּגע־צערט פון נישט געשטילטן צאָרן, מיט מיילער אויפגעריסענע און שאַרפע ציינער, גרייטע צום פאַרצוקן:

— אָט פּרואוו נאָר עפּעס טאָן וואָס מען טאָר נישט און דו ווערסט צעריסן כהרף עין, אַז עס בלייבט נישט פון דיר קיין שריד ופליט...

אויף אַן אַנדער אָרט פאַרן אַריינגאַנג, ווי פאַרטריבענע פון גן־עדן, שטייען צוויי פיגורן אין הילצערנע שטייגן: אַטלעטישע געשטאַלטן רויטע ווי די עשוס און באַלאָדענע מיט שפּיזן און פיילנבויגנס. די קעפּ — מענטשן־קעפּ, מגושמדיק גרויסע מיט אויגן פול מיט שרעק, פּיין און בושה. די מיילער צעעפנט גרויס און

פינצטער ווי די טויערן פון גיהנום. די פנימער ווי די גאַנצע פיגורן זענען באַקלעפּט מיט פּאַפּיר־שטיקלעך וואָס מענטשן האָבן צעקייט און נאָס געמאַכט אין די מיילער און אויסגעשפּיגן אויף זיי. אַרום, אין דער שטייג, איז פול מיט שטיינדלעך און שטיקלעך ציגל, וואָס מען האָט דאָרט אַריינגעוואָרפן.

משמעות פאַרזינדיקטע, פאַרטריבענע און באַשפּיגענע...

דער אַריינגאַנג און צוגאַנג וואַרפט אָן אַ שרעק. דערפאַר אינע־ווייניק גופא פאַרשווינדט די שרעק און עס נעמט דיך אַרום אַ גוט געפיל פון שטילקייט, זיכערקייט און רו.

די געטער זענען על פי רוב נישט קיין בייזע. זייער יחוס־בריוו ציט זיך ביז בודאַן, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ געשטאַלט פון חומרדיקער זאַטקייט, געמיטלעכער סיבאַריטישקייט און דערצו אַ גוטסקייט און חכמה, וואָס איז פול מיט פאַרשטענדעניש און פאַרגעבונג.

די געטער זענען דאָ דורך און פאַר די מענטשן באַשאַפן געוואָרן — זיי צו דינען אויף יעדן רוף און צו יעדער צייט... די געטער שלאָפן, בעסער — זיי געפינען זיך אין אייביקן דרימל. גלויביקע וועקן זיי אויף און שלעפּערן זיי צוריק איין צווישן איין תפילה און דער אַנדערער, וואָס די געטער קומט אויס אַזוי ליבנס־ווירדיק און געדולדיק אויסצוהערן.

באַשיידן און גאָר איינפאַך איז דאָ דער וועג צו גאָט: עטלעכע שטילע, דיסקרעטע פּעטש מיט איין האַנט אין דער צווייטער וועקן אויף פון דרעמל דעם גאָט צו וועלכן דו ביסט געקומען. שטייסט פאַר אים געציילטע סעקונדעס אין שטומען, פאַרטיפטן שווייגן. צום אָוועקגיין — ווידער עטלעכע שטילע פּעטש מיט די הענט — אַ סימן אַז די תפילה איז געענדיקט און גאָט קאָן ווידער צוריקקערן אין זיין אייביקן צושטאַנד פון רו און שלאָף.

* * *

אין איינעם אַ הייסן שבתדיקן תמוז־טאָג בין איך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין די בערג. אין די יולי־אויגוסט־וואָכן פּלאַקערט די שטאָט אין היץ. פייער פאַלט פון הימל, זויגט אויס דאָס חיות פון די אברים, טריקנט אויס די עצמות. און אין די בערג איז קיל. און אין טאָל — נאָך קילער ווי אויבן אויפן סאַמע שפּיץ. איך האָב שפּאַצירט שעהן לאַנג איבער שטעגן און וועגן, אָט אַרויף,

אָט אַראָפּ און דערגאַנגען ביז צו די טעמפּלען. שטיל איז געווען אַרום און פאַרשאָטנט. גרויסער טאָג געווען און אין טאָל איז געווען טונקל, ווי נאָך זון־פאַרגאַנג. רויט־געמאָלטע טויערן אויף די וועגן פירן צו די שריינען, געדעקטע אין שאָטן פון וואַלד און בערג־ווענט. קיין שפּור אַרום פון אַ לעבעדיקן מענטש אַ חוץ מיר. אורשפּרינגלעכע שטילקייט און רו. איך גיי אויף די נעגל. אַ געפיל האָב איך, אַז מען שלאָפט דאָ... איך גיי געהיט, כדי קיינעם נישט צו שטערן אינם שלאָף, כדי קיינעם נישט אויפצואוועקן...

אַ שלאַנקע פרויען־פיגור געשניצט פון שטיין קוקט אויף מיר צאַרט און ווייך. דאָס פּנים מילד, די אויגן — האַלב שלאָף, האַלב וואַך, האַלב חלום, האַלב וואָר, און אין דער האַנט — אַ ליליע. ווייטער: אַ גרויסע בודאַ־געשטאַלט, געמיטלעך די פיס אויף אונטן פאַרלייגט. די אויגן גרוים און געשניטן ווי מאַנדלען קוקן אויף מיר גלייכגילטיק און פאַרשלאָפן. די שטילקייט און רו צענעמט. איך זעץ זיך צו אויף אַ טרעפּ, וואָס פירט צו איינעם פון די טעמפּלען און איך טראַכט וועגן — די קאַרפּאַטן... וועגן קוטי... וועגן די בערג און טאָלן דאָרט, איבער וועלכע עס האָט געוואַנדערט ישראל בעל־שם, וואו דער חסידיזם האָט זיינע ערשטע טריט געשטעלט. עס שפּילן אין קאָפּ רעיונות, וואָס פאַרטראָגן אין וועלטן ווייטע און פאַנטאַסטישע, וואו חלום און וואָר מישן זיך אוים, ווערן איינס...

פלוצלונג וועקט עס מיך אויף. עפּעס היימישס, נאָענטס, אייגנס אין דער דאָזיקער פרעמד... אייגנס ווי מיין אייגן בלוט וואָס רינט אין די אָדערן...

— חלום, צי וואָר?

— דאָס איז אַ בוים — הער איך אַ זים, גלעקלדיק, קינדעריש קולכל, געזאָגט אין אַ טעמדיקן יידיש.

און דאַן — אַ יינגלש אומבאַהאָלפן שטימעלע, וואָס חזרט איבער דאָס געהערטע:

— אַ בוים.

— און דאָס איז אַ פייגעלע.

— פייגעלע.

איך הער, איך גיב זיך אָפּ אַ קלאָרן דין־וחשבון דערפון, אַז איך הער בפירוש.

— דאָס איז אַ בלום.

איך רייס זיך אויף און גיי אין דער ריכטונג פון וואַנעט עס קומט דאָס היימישע קול, דאָס לשון וואָס זעט אויס דאָ, אויפן פּאָן פון די יאַפּאַנישע שריינען, צו זיין אַזוי פרעמד, ווייט, אומבאַקאַנט און פאַר מיר — אַזוי נאָגנדיק היימיש.

אַ ביסל אין אַ זייט, עטלעכע צענדליק טריט פון דעם אָרט וואו איך בין געזעסן, אויף אַ בערגל שטיגן־אַרויף, ביים סאַמע צוגאַנג צו אַ שריין, זענען געשטאַנען צוויי מיידעלעך, באַחנטע, נחת־דיקע יידישע קינדער, און אַ יאַפּאַניש ייִנגעלע אין אַ מונדיר פון אַ גימנאַזיע־שילער, עפּעס עלטער פון די מיידעלעך.

איינע פון די מיידעלעך, אַ שוואַרצאויגיקע, זיס צעשמייכלט אין קינדערשער תמימות, ווייזט אָן דעם יאַפּאַנישן ייִנגל אויף פאַר־שידענע זאַכן, וואָס געפינען זיך אַרום זיי און זאָגט אים ווי זיי הייסן אויף יידיש. דאָס יאַפּאַנישע ייִנגל, מיט אַ העפט און בליי־פעדער אין דער האַנט, חזרט איבער פאַרבליפט די גערעדטע קלאַנגען און פאַרשרייבט זיי מיט יאַפּאַנישע אותיות.

— איך לערן אים יידיש — קלערט מיר אויף דאָס מיידעלע.

— פון וואַנעט קומסטו דאָ אַהער?

— אָט — זאָגט זי — געגאַנגען דאָ באַרג־אַרויף שפּאַצירן, אָט מיר ביידע — ווייזט זי מיר אָן אויפן צווייטן מיידעלע — איז אונטערגעקומען אָט דער בחור. ער האָט צו אונדז גענומען רעדן יאַפּאַניש, אָבער קיין יאַפּאַניש קענען מיר נישט. האָב איך גע־ענטפערט אויף יידיש. קען ער ווידער נישט. זענען מיר אַזוי געגאַנגען באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ ביז מיר זענען צוגעקומען אָט דאָ אַהער. דאָ איז זייער שיין. האָבן מיר זיך אוועקגעזעצט אָפּרוען און אים דערווייל גענומען אויסלערנען אַ פּאָר יידישע ווערטער. איך ווייז אים אָן אויף אַ בוים און זאָג אים: דאָס איז אַ בוים, און ער חזרט איבער און פאַרשרייבט.

— און ווער ביסטו? — פרעג איך.

— מיין טאַטע איז אַ רב. יאָגיל הייס איך. דאָ, נישט ווייט פון דאַנעט, אונטן ביים וואַסער, וואוינען מיר. אין דער רבנישער היים.

— און האָסט נישט קיין מורא אַזוי אַליין אַרומצוגיין?

— פאַרוואָס דען מורא האָבן, ווער וועט אונדז דאָ שלעכטס

טאָן? דאָ איז אַזוי שיין. מיר קומען דאָ אָפּט אַהער שפּאַצירן. אָט איצטער איז שוין שפּעטלעך, שוין באַלד שלש־סעודות, גייען מיר אַהיים.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ טיף־געדעמפּטער קלונג, וואָס האָט זיך פּאַמעלעך צעוויגט אין דער לופטן און צעגאַנגען איבערן טאָל. איין מאָל און נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל און עס איז ווייטער צוריק שטיל געוואָרן. אַ גלויביקער איז געשטאַנען פאַר איינעם פון די שריינען און שטיל אין זיך געטראַכט אַ תפילה צו זיין גאָט.

נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די קאָבער בערג און טאָלן און פאַרגאָסן דעם טאָל און די טעמפּלען מיט סאַמעט־שוואַר־צער שטילקייט, אַ שטילקייט וואָס האָט געאָטעמט מיט מעשי בראשית...

שאַנכיי, מאַי, 1942.

# רויע ערד

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. דורך דער שפּאַרונע פון ווייסן פאָרהענגל אויפן פענצטער האָט זיך דורכגעשניטן אין דער טונקעלער שטוב אריין אַ שאַרפער פּאַס זוניקער שטויב; העל און דורכזיכטיק באַלויכטן אַ שמאָל שטיק לופט און צעשניטן אויף צוויי די געדיכטע דעמפּיקע טונקלקייט, וואָס איז געווען אָנגעלייגט פון אַ גאַנצער נאַכט. פונם הויך אָנגעבלאָזענעם באַרג בעטגעוואַנט האָבן זיך אַרויסגעפּיקט פון ביידע זייטן צוויי קעפּלעך און ס'האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ טאָפּלפּנימדיקע קאָרט. דאָס איז געווען ישראל פּוק*) מיט זיין ווייב.

פון די שטאַלן האָט זיך געשאָטן אַ פאַרשידנקולותדיק געמעקעכץ פון יונגע און אַלטע ציגן. אַ געהאַקערייי אין די טירן און אַ באָדזשעניש אין די ווענט. אַן אַנדערש מאָל זענען זיי שוין פון ווי לאַנג אין דרויסן, אויפן פעלד. היינט האָט עפּעס דער פּוק גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן צו קומען אין די שטאַלן. האָבן די ציגן זיך געבייזערט, געקלאַפּט מיט די הערנער, איבערשטייגנדיק איינס דאָס אַנדערע מיטן געמעקעכץ:

— מע — ע — ע —! מע — ע — ע!

אין פענצטער האָט זיך פּלוצלונג אַ קליין, ווייס בערדעלע צעבימבלט.

— מע — ע — ע! — האָט ס'קאָזעלע געפּיקט מיט די קליינע הערנערלעך אין דער פּוטרינע, גאָרגלענדיק דין און איידל — מע — ע — ע!

— אוי, באַשקע, באַשקעלע! — האָט דער פּוק אַ הויב אַרויס־געטאָן דאָס צעשויבערטע קענדזשער־קעפּל — באַשקע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטאַל.

— אַ נכפה זאָל עס טרעפן, מען האָט גאָר קיין מנוחה נישט

---

*) אַ הויקער.

— האָט זיסל פאַרדעמפּט זיך צעלאָזט אויף איר קוויטשקע — מען קאָן זיך נישט פאַרגינען אַ ליג צו טאָן אַ ביסל לענגער — האָט זי זיך געכעסט פון אונטער דער פּערענע אַפּער.

זיסל איז נאָך אַ יונג ווייבל. אין גאַנצן אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה, איז זי נאָך נישט צוגעוואוינט צום פּוקס באַלעבאַטישקייט. דעריבער טאַקע, אַז ס׳מאַכט זיך אַמאָל, ס׳ווילט זיך אַ ביסל לענגער בלייבן ליגן אין בעט און די ציגן לאָזן נישט — בייזערט זי זיך.

— אַ מענטש — טענהט דער פּוק מיט איר איין — קאָן זיך אַליין אַן עצה געבן. אָבער אַזעלכע חיהלעך, פּאַר זיי מוז מען קלערן טאָג און נאַכט. לאה אולעשולע, דיר צו לענגערע יאָר, האָט שוין געוואוסט אויפצושטיין אַלע אין דער פרי און ס׳ערשטע אַריינגיין אין די שטאַלן — האָט ער ווייטער גערעדט, רייבנדיק זיך די פאַרשלאָפענע אייגלעך. ער איז צו צום שעפּל, אַ כלושטשע געטאָן מיט דער קוואָרט און באַנעצט דאָס שמאָלע, רויטלעכע קאָזע־בערדל, רייבנדיק זיך די פאַרראָפּעטעווינקלען פון די אויגן.

— וואַרט, באַשקעלע, כ׳גיי שוין — האָט ער באַרואיקט ס׳קאָזעלע וואָס האָט אַלץ אין איינעם דערמאָנט אָן זיך, קלאַפּנדיק אין דער פוטרינע און נאָכפאָלגנדיק ישראלס באַוועגונגען. — כ׳גיי שוין, באַשקע־לעבן, כ׳גיי שוין!

ער איז אַרויס אויפן הויף.

אין דרויסן האָט די זון היים געפּרעגלט די סמאָלע פון די די דעכער, געשפּאַרט מיט שטיקער פייער און דורכגעגליט יעדעס ברעטל, יעדן טשוואָק פון דאַך און וואַנט.

אין די שטאַלן איז געשטאַנען אַ דומפּיקע היץ. דאָס פייכטע מיסט האָט געפּאַרעט, געשלאָגן צו דער נאָז אַ פאַרקוויטיקטן ריח פון קאָזע־מילך.

דער פּוק איז געקראָכן פון שטאַל צו שטאַל, געפּראַלט די טירלעך, אַרויסלאָזנדיק די מעקנדיקע קאָזעס אויפן הויף.

זענען די קאָזעס זיך צעלאָפן איבערן הויף, צעקראָכן זיך איבער די פעדערהייזלעך. און ניוכענדיק דאָרשטיקע, מיט די פאַרטרוקנטע נעזער, געגישטערט אין די אָפענע טירן. און אַז זיסל האָט פאַרטיק געמאַכט די טעפּ שאָלן מיט קלייען פאַר די

קאָזעס, איז זי אַרויסגעקומען הינטערן פּלויטל און זיך שפּיציק צעלאָזט אויף איר קולכל:

— קאָזדיו, קאָזדיו! קאָז — קאָז — קאָז — קאָז!

— באַשקעלע, רוזשעלע, קאָז־קאָז! — האָט דער פּוק צוגעהאָלפן.

אין אַ מינוט אַרום זענען די קאָזעס געשטאַנען איבער די מולטערס, געפּראַכט מיט די ריפּן, געדרייט מיט די קורצע ווײדעלעך, אונטערמעקנדיק פון צייט צו צייט צופרידן און זעטיק. ביי די יונגע קאָזעלעך איז געשטאַנען דער פּוק, געשטופּט זיי אין די פּיסקלעך מאַמקעס וואַסער מיט מילך.

אָנגעזעטיקט די ציגן, האָט דער פּוק צונויפגענומען די ליידיקע פלעשער און זיסל די טעפּ און מיט אַ געקלימפּער אַריין אין שטוב. אויפן טיש איז שוין געשטאַנען אַן ערדענע דייזשע זויער־מילך מיט אַ גרויס קיילעכדיק ראַזעווע ברויט.

* * *

אויפן פעלד האָט די זון געבראָטן, געסמאַליעט די זעמדלעך און געבריט די באָרוועסע פּיס. דער הימל אַ ווייס־בלווילעכער, מיט שטיקלעך זילבער־קנוילעכלעך פאַרבלאָנדזשעטע און אומעטיקע, איז געשטאַנען טרוקן, פאַרשטאַרט און געפּאַרעט מיט חיסער דורכגעזאָטענער לופט, וואָס האָט געבריט אין די נאָזלעכער. צעשאָטן איבערן פעלד זענען אומבאַהאָלפן און ליימיק געלעגן הויכבייכיקע סי, און מאַט, שלעפעריק, געגלאָצט מיט די שווערע מאָרדעס ערגעץ ווייט און אומבאַשטימט. פון צווישן די קשאַקעס האָט זיך געצויגן אַ מאָנאָטאָנער און תמיד זיך איבערחזרנדיקער פּירטאָן פון אַ דודעלע. אַ געקנאַק פון פּאַסטוכישע בייטשן. אַ לאַנגער אויסגעצויגענער מו פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קו, און פון עק ביז עק, איבערן ווייט און ברייט צעשפּרייטן שטח איז געהאָנגען אַ מידער, פון היץ און צייט פאַרמאַטערטער גרויסער גענעץ.

— ספּווזשניל שען סרול*), — האָט אַ ברוינלעכער אויסגעדאַרטער פּאַסטוך באַגעגנט דעם פּוק.

---

*) סרול האָט זיך פאַרשפּעטיקט.

— טאַק, טראָכע זאַפּוזשנאָ*) — האָט דער פּוק אים שמייכלענדיק געענטפערט.

— זאַ דלוגאָ ספּאַל זע סרולאָוואָן**) — האָט ער געשמייעט מיט דער גאָמבע און שפּיציק פאַרריסן דאָס ברייטע צוגעפּלאַטשעטע נעזל, צוקנאַקנדיק ממזריש מיט דער בייטש — פּראַוודאַ, סרולאָוואָ***)?

— אידזש דאָ דיאַבלאַ****) — האָט זיסל גוטמוטיק געשמייכלט — עשו אַ בראָך נאָכן.

— ראָזומיעם, ראָזומיעם*****) — האָט דער פּאַסטוך גולמיש געגלאָצט איר אין מויל אַריין, קנאַקנדיק מיט דער בייטש — ראָזומיעם...

— זאָלסטו אַזוי לעבן — האָט זיסל זיך ברייט צעלאַכט, אַרויסשפּאַרנדיק אַ רויט שענקל אַ ליידיקס, מיט צוויי פּוילע שפּיצנציינדלעך ביי די זייטן.

דער פּוק האָט לופטיק געהויבן די אויסגעבריטע פּיס און שלעפּעריק, שווער, האָט זיך ס'הייקערל געשאַרט צו די קשאַקעס.

— וואַרט שראָל — האָט זיסל, אונטערשפּרינגענדיק איבערן הייסן זאַמד, שמאָל־טריטיק זיך נאָכגערוקט.

אינם פאַרשמאָדערטן, לאַנגן קלייד ביז צו דער ערד, האָט זי אויסגעזען ווי אַ קליין, פאַרחושכט קאַרליקל אָן פּיס.

— סרולאָוואָ, סרולאָוואָ! — איז דער פּאַסטוך געשטאַנען אומבאַוועגלעך און מיט אַ שאַרף גלאַנציק קנייפּערל געשניצט אַ גרינלעכע באַטשיוועקע — סרו — לאָ — וואָ! — האָט ער לענגלעך צעצויגן און קוים רירנדיק זיך, פלעגמאַטיש געגאַנגען איבערן פעלד, געשניצט די באַטשיוועקע און אונטערגעפּיפן.

די ציגן האָבן זיגזאַגיק געהאָפּקעט איבערן פעלד, באָדזשענדיק מיט די הערנער אין דער לופט אַריין. די קליינע, יונגע, ווייסע ווי אין מילך געוואַשענע ציגעלעך האָבן געשטיפט, פאַרצייעט זיך איינס אויף ס'אַנדערע מיט די גאָלע, גלאַנציקע קעפּלעך, פאַרצייעט און אָפּגעשפּרונגען. אין גראָז האָט פאַראייינזאַמט געטאָפּטשעט דער

*) יאָ, אַ ביסל צו שפּעט.

**) צו לאַנג זיך פאַרשלאָפן מיט דער סרולעכע.

***) אמת, סרולעכע?

****) גיי צום טייוול.

*****) כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי.

ברוינלעך־שוואַרצער קאָזשאָל, געבראָדזשעט מיטן ברודיקן בערדעלע אין גראָז און געמעקעט סתם אין דער וועלט אַריין.

פּוק איז געלעגן צווישן די קשאַקעס מיטן פּנים אַראָפּ, אַזוי ווי עס וואָלט אים עפּעס נישט געווען באַקוועם אַנדערש צו ליגן, די צורה איינגעגראָבן אין היטל, באַשיצנדיק זיך אַזוי אַרום פון שטעכיקע נאָדלען און פון אָפּגעריסענע שטיקער זון, וואָס האָבן זיך ליצנותדיק שטיפערישע דורכגעשפּאַרט צווישן די קשאַקעס ווי אויף צו להכעיס.

אַז זיסל איז צוגעקומען האָט דער פּוק זיך געמאַכט שלאָפן, געכראָפּעט, געדרייט מיטן קאָפּ און געטשמאָקעט מיטן מויל.

— שראָל דו שלאָפסט? — האָט זי זיך אין אים אַריינגעזעצט

— שראָל.

—

— זע נאָר, האָסט דאָך בלויז מוראַשקעס — האָט זי אָנגע־הויבן אַראָפּקלייבן די ווערעמלעך וואָס זענען אים געקראָכן איבערן איינגעקאָרטשעטן האַלדז — פול מיט ווערים ביסטו דאָך — האָט זי געבלאָזן און געשאַרט איבער דער פּלייצע און פאָרזיכטיק אויסגעמיטן דעם הויקער — שראָל.

— אַ, וואָס? — האָט דער פּוק געפּינטלט מיט די קליינע פאַרמרוזשעטע אייגעלעך, אָפּסאַפּנדיק, ווי ס'וואָלט אים פון עפּעס גרינגער געוואָרן.

— שלאָפסט?

— אַ ביסל...

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ארומגעקוקט זיך און, אַוועק־לייגנדיק זיך מאַט און שווער, האָט ער אויסגעצויגן אַ לאַנגע, אויס־געביינערטע האַנט —

— קים ער!

די זון האָט זיך געטיקט, אויסבאַהאַלטן און קאַפּויער געקומען. געשפּאַרט מיט שאַרפער, שפּיציקער היץ אַזוי ווי פייער פון אַ בלאָז־רער און דורך די נאָדל־ביימלעך געבריט און געזאָטן יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אָרט.

צווישן די קשאַקעס האָבן זיך פּלוצלונג דינע, טרוקענע העלצלעך צעפּלאַצט. אויסגעבאַקענע, געלע נאָדלען האָבן קוואַר צווישן מאָך געשאָרשעט, אונטער ליכט האָפּקענדיקע פּיסלעך.

— אַן אומגליק זאָל עס טרעפן — האָט דער פּוק בייז אויפ־געריסן דעם קאָפּ — אומעטום זענען זיי דאָ...

אַ קליין, ווייס קעפּל, מיט קוים קוים אויסגעפּיקטע הערנערלעך איז שטום געהאָנגען צווישן די צווייגעלעך. אַ רגע זיך גוטמוטיק און מילד איינגעקוקט אין פּוקס צעשרפּעטע און מיט קליינע, רויטע פעדימלעך פאַרלאָפענע אויגן און שקאָציש אָפּגעשפּרונגען צוריק.

אַ מאַטער איז דער פּוק געלעגן און טיף געאָטעמט. געווישט מיטן אַרבל פון העמד מוטנע טראָפּנס, וואָס האָבן זיך אים אַרויס־געזעצט אויפן טעמפּן בייכיקן שטערנדל און אין די לעכעלעך פון דער רויטער פליישיקער נאָז.

— פו — ו — ו, ווי הייס!

* * *

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. ווייט אַרום האָבן קי זיך צעשריען. צעשאָטענע איבערן גאַנצן פעלד, האָבן זיי זיך פויל גערירט, געשלעפּט זיך מיט די שווערע אָנגעבוצעוועטע אייטערס צווישן די פיס; אָפּגעשטעלט זיך אויף אַ ווײַלע, פלעגמאַטיש אויסגעדרייט די גרויסע שווערע מאָרדעס און מרה־שחורהדיק געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין; געגלאָצט מיט די אַרויסגעזעצטע קיאישע אויגן און ווייטער פויל זיך געשלעפּט. וואו נישט וואו האָט זיך אַ קו צעבריקעט; טעמפּע ווידער־קולות פון פאַסטוכישע געשרייען, קנאַקעריי פון בייטשן און ביסלעכווייז איז דאָס פעלד געוואָרן ליידיקער, טונקעלער און לופטיקער.

— מנע, מ'דאַרף שוין אויך גיין — האָט זיך דער פּוק פויל אויפגעהויבן — וואו זענען מיינע חיהלעך? קאָז — קאָז — קאָז!

— קאָזדיו, קאָזדיו, קאָזדיו! — האָט זיך זיסל צעלאָזט אויף איר קוויטשקע, און פון אַלע פיר זייטן זענען זיך די קאָזעלעך האַסטיק און פלינק צונויפגעלאָפן.

די זון איז אַ צעשמאָלצענע, ברייט און צעווירן געלעגן שוין טיף אין דער ווייסל, געשפּריצט מיט צעשרפּעטער רויטקייט אויף וואַלד און אויף פעלד, זיך טונקענדיק וואָס אַמאָל טיפער אין וואַסער. אַ מאַט־גרויע בלווילעכקייט האָט זיך צעלייגט אַרום אין דער לופט אַזוי ווי געלאָשענער שטאָל. און שטיל איז געוואָרן אַרום און אַרום, פינצטער און שטיל.

* * *

אַהיימקומענדיק פֿון פֿעלד, האָט דער פֿוק געפֿונען אין טיר שטעקן אַ בריוו פֿון חיימען, אין וועלכן ער האָט אים געשריבן, אַז ער קומט צו פֿאָרן אויף שבת. פֿון ערשטן ווייב, מיט וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגט צוויי יאָר נאָך דער חתונה, איז אים פֿאַרבליבן אַ זון. פֿלעגט די מאַמע יעדן זומער קומען מיטן קינד צו פֿאָרן און מיט אַ שכנה אים אַריינשיקן צום פֿוק. פֿלעגט ער זיך מיט אים אָנפֿרייען, האַלטן אַ ביסל אויף דער שויס, קויפֿן אַ פּאָר שיכלעך און אָפּשיקן אים צוריק צו דער מאַמען. לאה, דאָס אַנדערע ווייב זיינס, וועלכע איז אים דאָ נישט לאַנג אַוועקגעשטאָרבן, פֿלעגט איינקויפֿן אַ שקאָרמעצל קרובע צוקערלעך און מיטגעבן אין וועג אַריין. זי האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַ סגולה צו קינדער האָבן. ישׂראל האָט איר טאַקע בעת דער לוויה נאָכגעזאָגט דעם שבח, לויבנדיק זי, ס'אַרא מזג טוב, וואָסער צדקית זי איז געווען. פֿון דער בר־מצווה אָן אָבער איז שוין חיים געקומען צו פֿאָרן אָן דער מאַמען. יעדן זומער, נאָך שבועות, פֿלעגט ער קומען צו פֿאָרן, אָפּזיין ביים טאַטן ביז יאָהאַנע און אויף ראש־השנה אַהיימפֿאָרן צוריק צו דער מאַמען קיין לובלין.

— מיין חיים קומט צו פֿאָרן — האָט דער פֿוק אויסגעשאָסן, ווען זיסל איז אַריינגעקומען, — עסט זען אַ יונג — האָט ער זיך געגרויסט, פֿאַררייסנדיק ס'קעפּל זיינס פֿון צווישן די הויקערדיקע אַקסלען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אויסוואַקסן ביי איר אין די אויגן — שוין איינמאָל אַ יונג — האָט ער געריבן די הענט פֿון שׂמחה און געקנייטשט דעם שטערן — אַ הויך, אַ ברייט, אַ שטעל...

— ווען קומט ער? — האָט זיך זיסל פֿאַראינטערעסירט.

— אויף שבת.

— ר'איז עפּעס אַ לייט?

— אָן אָקריטשע שניידער איז ער, אַ טייערער בעל־מלאכה.

— אָט אַזוי פֿאַרשטיי איך, נישט אַ פּרנסה, קאָזעם — האָט זיסל זיך געפּאָרעט ביי דער דייזשע.

— אַזאַ יאָר אויף מיר וואָסערע וואוילע חיהלעך דאָס זענען. לאה, אולעשולע, דיר צו לענגערע יאָר, האָט זיי ליב געהאַט ס'לעבן.

— סי דאָ וואָס ליב צו האָבן — האָט זיסל זיך אַוועקגעזעצט מיט דער דייזשע אויף דער שויס און אָנגעהויבן כליופּקען.

— ביסט נאָך נישט צוגעוואוינט צו זיי, רעדסטו אַזוי, —

איז דער פוק פאַרפאָרן מיטן מעסער אין ברויט אַריין, נעשניטן שטיקער און געבראָקט אין דער דייזשע.

א שאַרפער ריח פון עסיק האָט געזעצט פון דער דייזשע. אוגערקע האָט רוי און אַפעטיטלעך געקנאַקט אין די ציין און פאַרפולט די שטוב מיט אַן אייליקער זויערלעכקייט וואָס מאַכט וואַסערדיק ס'מויל, גערונצלט די הויט און קיצלט דעם גומען.

* * *

צום געמעלק ווערט אויפן פאַרמושבטן הויפל אַ יאַריד. עס קומען זיך צונויף גראָב־פּליישיקע מאַדאַמען, דינסטן און קורץ־קליידיקע, באָרוועסע קינדערלעך מיט איידל־ראָזיקע, אויסגעצערטלטע פּנימלעך, קומען באַלאָדן מיט טעפּלעך און גלעזלעך, טרינקען מילך „גלייך פון דער קו". חוץ דעם קומען נאָך אַנדערע, שוין נישט צום געמעלק, נאָר צום קאָזשאָל. באַלעבאַטים, וואָס האָבן אין זייער באַלעבאַטישקייט אַ ציג, ברענגען זיי אין די הייסע זומער־פאַרנאַכטן די ציגן צום קאָזשאָל — אויף קליינע קאָזעלעך...

זיצט זיסל איבער אַ קאָזע, מיט אַ טעפּל צווישן די פּיס, טינקט די פינגער אין טעפּל און ציט ביי די ציצלעך. און דער פוק פּאָרעט זיך הינטערן פּלויטל ביים קאָזשאָל...

— זיסל, ברענג אַריין דעם קאָזשאָל!

— האָסטאָכן! — שרייט זיסל אין שוימיקן טעפּל אַריין, ציען־דיק פלינקער מיט די פאַרטעפּעטע פינגער אַראָפּ און אַרויף.

— דעם ווייסן, דעם ווייסן, — איז שוין דער פוק אומגע־דולדיק, — דער שוואַרצער האָט זיך געכוואָטשעט, ער וויל שוין נישט מער — איז ער אַ פאַרפאָרעטער קאַפּויערגעקומען — אַ פּאָר שטיק אָפּגעפּאָרקעוועט, האָט ער זיך געכוואָטשעט.

— אַן אָפּלאָג היינט אַ ביסל — האָט זיסל געקנעטן די אייטערלעך און נערוועז געצויגן די ציצלעך — ווייסטו?

הינטערן פּלויטל איז געשטאַנען אַ הויכע לאַנג־פּנימדיקע גויע, מיט אַ שפּיציק פאַרריסן נעזל וואָס לאַכט שטענדיק און פּאָר די הערנערלעך געהאַלטן אַ קליין געפלעקט קאָזעלע.

אין ווינקל אויפן היי, צווישן אַ פּענק אַקאַציע־צווייגלעך, איז אויף די צוויי פּאָדערשטע קניען, האַלב אָנגעשפּאַרט, געלעגן דער שוואַרצער קאָזשאָל און זעטיק פויל געזשגייעט מיט די אַלטע יאַסלעס; געמעלה־גרהט און שלעפעריק געקוקט אויפן קאָזעלע.

אַרונטערקומענדיק הינטערן פּלויטל האָט דער ווייסער קאָזשאָל זיך צעיאָרגעט; אַ שטעל געטאָן זיך אויף די הינטערשטע צוויי פיס, העפטיק זיך צעניסט, געדרייט מיטן ווײדל און געמעקעט, רייסנדיק זיך פון דער שטריק. און אַז ישראל האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט זיך דאָס געלע בערדל ביים קאָזשאָל צעבימבלט און שטיל אונטער־ברומענדיק האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער ציג, שטופּנדיק די גויע מיט אימפּעט אויף צוריק. דער שוואַרצער קאָזשאָל האָט אָפּגעלאָזן און פרעמד געגלאָצט מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן, אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— זופּעלניע יאַק טשלאָוויעק*) — האָט דער פוק אים פאַר־ענטפערט, גלעטנדיק אים איבערן אויסגעדאַרטן שאַרפן קאַרק, צו־קלעפּלענדיק — זופּעלניע יאַק טשלאָוויעק...

* * *

אַז דער פוק מיט זיסלען האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן געמעלק און אַריין אין שטוב, איז שוין געווען פינצטער. דער הימל אַ מאַט־בלויער, אַזוי ווי אָפּגעקילטע רודע, האָט געפּראַלט מיט שטיקער דורכזיכטיקע נאַכט און אימהדיקער שטילער טיפקייט, אַ טיפקייט פון יענע זומערדיקע נעכט, וועלכע רייסן ברייט אויף די אויגן און צווינגען צו רעדן שטיל און איינהערן זיך פאַרבענקט אין דעם געדעריי פון זשאַבעס, אָדער אינם אומעטיק פאַרבענקטן פליטל, וואָס שניידט זיך דורך שאַרף און לופטיק, ציענדיק ערגעץ ווייט, ווייט אין דער נאַכט אַריין.

דער פוק האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וועסט מיטן טלית־קטן און מיטן אַרבל פון העמד זיך געווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן זיינעם.

— שוויצסט אַזוי ווי באַרקע פאַרך — האָט זיסל זיך אַוועק־געזעצט פאַרהאָרעוועט און שווער אויפן קופערט.

— ס'אַ פאַרנעקייט, מ'קאָן דערשטיקט ווערן — האָט ער אויפגעפּראַלט ס'פענצטער, בלאָזנדיק פון זיך און ווישנדיק ס'פּנים — שוין לאַנג אַזאַ היץ נישט געווען.

— אפשר פערציק גראַד.

— ס'פאַרנעמט זיך אויף אַ רעגן, — האָט דער פוק געקוקט אין הימל אַריין מעשה מבין — דער הימל פאַרציט זיך — האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט, אַוועקזעצנדיק זיך נעבן דער דייזשע.

---

*) פונקט אַזוי ווי אַ מענטש.

די פֿאַרהענגלעך האָבן אָנגעהויבן לייכט צו באַוועגן זיך הין און צוריק. אַ קיל ווינטעלע האָט זיך געלעקט אין שטוב אַריין, געגלעט די פֿאַרהענגלעך און אַ לייכטער רוישן פֿון אַקאַציעס איז זיך פֿאַרגאַנגען און צעווייעט אַ זיסלעכן ריח פֿון בליעכץ. פֿון גאַנץ ווייט האָט זיך פּלוצלונג עפּעס גענומען קאָלערן, אַזוי ווי מ'וואָלט שווער מעבל איבערגערוקט. אַ בליץ האָט שלשלתדיק איינגעריסן אַ שטיק טיפֿקייט פֿון נאַכט און איינציקווייז און געציילט האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן גראָבע שווערע טראָפּנס. דונערן האָבן פּלוצלונג איינער דעם צווייטן גענומען איבעריאָגן, געלאָזט זיך אין גאַלאָפּ ערגעץ ווייט און ווידער זיך אומגעקערט הינטערן פֿענצטער, געבראָכן די צווייגן פֿון מרה־שחורהדיקע סאָסנעס, געריסן דעם דאַך און געטרייסלט די ווענט. אַ העפּטיק קלאַפּן האָט זיך אָנגעהויבן אויפֿן דאַך ווי מ'וואָלט אַרבעס צעשאָטן.

— אַ רעגן, שוין איינמאָל אַ רעגן — האָט דער פּוק פֿאַרמאַכט ס'פֿענצטער — אַזוי האָט מסתמא געמוזט אויסזען דער מבול — האָט ער מעשה בקי גערעדט צו זיכלען און אָנגעהויבן זיך אויסטאָן, — נאָר דער מבול האָט געהאַלטן פֿערציק טעג און דאָס וועט קיין שעה נישט האַלטן. איז טאַקע נישט קיין וואונדער, וואָס עס האָט דעמאָלט פֿאַרפֿלייצט די גאַנצע יבשה. אַ וואוילע זאַך דער רעגן — איז ער פֿאַרקראָכן אונטער דער פֿערענע — ס'וועט זיך שלאָפֿן געשמאַקער. אַ וואוילע זאַך — האָט ער זיך געקוויקט — אַ מחיה.

אין דרויסן האָט עס געגאָסן ווי מיט צעבערס. די ערד האָט הייס געפּאַרעט, אָפּגעאָטעמט מיט פֿולע ברוסטן, אָפּכאַפּנדיק זיך צוריק פֿונם הייסן דאָרשטיקן טאָג.

* * *

שבת. דער פּוק זיצט אין שול אָן אָפּגעצוואָגענער. ס'קאָזע־בערדל פֿאַרקעמט, דער טלית פֿאַרלייגט אויפֿן טוכענעם היטל. זיצט, קוקט אַריין אין אַ גלאַנציק פֿרישן חומש, געבונדן אין אַ געל־ברוינ־לעכער לעדער מיט פֿלעקן, אויף וועלכער ס'איז אויסגעקריצט אַ גאָלדענע חתימה: ישראל ברב משה יוסף ראַטשקער. מיטן בליק פֿאָלגט ער נאָך שורה נאָך שורה דעם בעל־קורא און ציענדיק זיך, מעשה שיינער ייד, אַ הערל פֿון זיין בערדל, כאַפּט ער גנביש זייטיקע בליקן אינם עברי־טייטש. אויפֿן הויף שטייט חיים צווישן אַ בינטל יונגעלייט, וואַרשעווער בעל־מלאכות, וואָס קומען יעדן

פרייטיק מיט דער „לעצטער" באַן, אין קורצע, געהאַקטע קאַפּעטלעך, מיט געמזענע שיך אויף גומעס, באַשניפּסלט, מיט צוגעפּוצטע קאַוואַ־לירישע פּאהלעך. חיים שטייט אין מיטן. דאָס טוכענע היטעלע מיט דער ברייטער טאַשמע־אויף דער דענקע פּאַררוקט, אַזוי אַז פון אונטערן דאַשעק זעט זיך אַרויס אַ שטיקל צוגעפּאַטשטע און שטייף־גלאַנציקע פריזור; דער געלבלעכער שניפּס אויפן גומענעם קאָלנער האַרט אָנגעצויגן, מיט אַ קליינטשיק קניפּעלע אין דער מיט. אין דער האַנט — אַ קליין גראָב סידורל, דעם פינגער מיטן סיגענעט, אין וועלכן ס'זיצט אַ ריזיקער גרינער שטיין, פאַררוקט אין סידורל אַריין, אַ האַנט אויף אַ האַנט פאַרלייגט אין דער מיט בויך; שטייט ער אַזוי, פינטלט מיטן שיקלדיקן אייגל און טענהט איין מיט חברה „וועלט־זאַכן"; דערציילט די נייעס פון לובלין, שמועסט זיך מיט זיי אויס און ווייזט אַרויס זיין בקיאות אין דאַמסקע שניידעריי. דער פוק זיצט פאַרטיפט אין חומש, צופּט נערוועז דאָס בערדעלע און וואַרפט דורכן פענצטער אייגלעך צום זון, פאַרבייסנדיק אַלעמאָל מיט אַ האָר.

— יעמוד מורנו החתן — האָט דער גבאי אויסגעזונגען, אָנ־בייגנדיק זיך צום פוק.

— חיים — האָט דער פוק אַ צעפּאָרענער אַרויסגעשטאַמלט.

— חיים ברבּ ישראל מפּ — ט — י — ר!

— חיים — האָט ער זיך אויפגעהויבן, ציענדיק פון זיך אַראָפּ דעם טלית.

אַ צעפּלאָמטער, האָט חיים בחוריש אומדערפאַרן, פאַרלייגט דעם טלית און צו צום ספר.

אַרויסגייענדיק פון שול האָבן די באַלעבאַטים אַרומגערינגלט דעם פוק און יעדער האָט עפּעס אַריינגעזאָגט:

— עפּעס גאָר אַ וואַזשנעם זון!

— גאָרנישט געוואוסט, אַז ר'האָט אַזאַ זון!

— אַ גאַנץ אָרנטלעכער בחור.

— וואָס איז זיין טועָן?

— גאָר נישקשה געזאָגט די הפטורה.

דער פוק איז געוואַקסן פון נחת. די נאָז האָט ביי אים געשוויצט, די אויגן האָבן געגלאַנצט און, אונטערהאָפּקענדיק מיט איין פיסל, האָט ער זיך נאָכגעשאַרט מיטן פאַרקנוילטן טליתל אונטערן

ערעם, א קליינטשיקער צווישן הויכע, ברייט־ און שווארץ־בערדיקע
יידן מיט אטלעסענע און זיידענע קאפאטעס.

* * *

צו מארגנס, אז דער פוק מיטן ווייב האבן זיך אויפגעהויבן
און ארויס אין די שטאלן, איז חיים נאך געלעגן אין בעט, מיטן
פנים אין קישן אריין און פעסט געכראפעט. פוק האט אים אפילו
געוואלט אויפוועקן:

— וואס הייסט, שוין גרויסער טאג און נאך נישט אויסגע־
שלאפן?

האט זיסל נישט געלאזט:

— זאל ער שלאפן. ר'איז דאך עפעס א נאסט און א נאסט
מעג א ביסל לענגער שלאפן.

און אז דער פוק האט זיך אפגעפארטיקט אין די שטאלן, ארויס־
געווארפן ס'מיסט, אנגעליינגט פריש שטרוי און אנגעפאיעט ס'קליינ־
ווארג, האט ער געגומען דעם זאק אונטערן ארעם און אוועק אויף
די „גאספאדעס" נאך שאלן.

— גרייט צו אן איבערבייסן, דער יונג וועט זיך אויפכאפן
וועט ער זיין פרעסיק.

— כ'מאך א קאלטן שטשאוו־בארשטש מיט קארטאפלעס.

פארענדיקט ס'געמעלק איז זיסל אריין אין שטוב ארויפנעמען
פון קעלער קארטאפל.

— האלע, א שא! — האט זיסל צעפאכעט מיט די הענט,
ארויסטרייבנדיק עטלעכע קאזעלעך, וואס האבן פארבלאנדזשעט אין
שטוב אריין — ס'קאן די טיר נישט אפן האלטן ביי זיי!

די ציגן זענען מיט א בריקעריי פון פיסלעך זיך צעלאפן אין
אלע זייטן אויפן הויף ארויס, גולמיש זיך צעקוקט און גענומען צופן
דעם גרינעם זשאווער פונם פלויט.

זיסל האט אויפגעמאכט דעם קעלער, א ווײַלע געשטאנען אומ־
באשטימט, מיט א גארשטש פארטוך אין דער האנט און געקוקט
אין קעלער אריין. פלוצלונג האט זי זיך עפעס גענומען פארען,
געדרייט זיך איבער דער שטוב, געזוכט עפעס, געגישטערט, ווי עס
וואלט איר עפעס אנטקומען פון דער האנט, און סוף כל סוף א צע־
פארענע אפגעשטעלט זיך פארן בעט.

חיים איז געלעגן ברייט־פלייציק צעליינט, געאטעמט אין קישן

אַריין מיט מויל און נאָז. מיטן צוג פון אָטעם האָבן זיך אויסגע־
צייכנט אויפן העמד שאַרפע, געזונטע שטיקער אויסגעקנעטן לייב,
אויפגעהויבן און איינגעפאַלן. ביי זיסלען האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן
אינעווייניק. ס'איז איר עפּעס מיט אַמאָל געוואָרן היים אין אַלע
גלידער, דאָס פּנים האָט זיך ביי איר צעשרפעט, פון אונטערן קאָפּ־
טיכל האָבן זיך שטיקער פאַרפעדערטע האָר־קנוילן אויסגעשטייפט
און צעשפּיזלט זיך און הייזעריק, הויל, אַזוי ווי פון שלאָף אַרויס,
האָט זי אים גערופן:

— ה — י — ם, היים!

אַ ווײַלע שטאַר געשטאַנען, געקוקט און גאָרנישט געזען.

— ווי אַ געהרגעטער שלאָפט עס — האָט זי לייכט געשמירט
די פּלייצע מיט אירע געלבלעך־ברודיקע און טעמפּע פינגער, וואָס
האָבן זיך געוואָרפן ווי אַ קדחת...

פלוצלונג האָט זי זיך אָנגעבויגן איבערן בעט און אין דער העלפט
אַזוי געבליבן ליגן אויפן קאַנט.

פעסט און שווער האָט זיך היים אין שלאָף איבערגעדרייט.
געלעגן אַ ביסל און ווייטער זיך אַ קער געטאָן, ווי ער וואָלט עפּעס
דערפילט, אַ ווײַלע געלעגן רואיק און טיף געאָטעמט און מיט אַמאָל
צעעפנט אַ פאָר פייכטע, פאַרשלאָפענע, קליינע אויגלעך.

ביידע זענען שטיל געלעגן און שטום געקוקט זיך איינער דעם
צווייטן אין די אויגן אַריין.

אויפן הויפל אַרויף איז אָנגעקומען דער פּוק. באַלאָדן מיט
אַן אָנגעפּאַקטן זאַק שאָלן, וועלכער איז אים געלעגן אַריינגעפּאַסט
אין הויקער, ווי צוזאַמענגעוואָקסן, האָט ער שווער געטרעטן אין
זיינע באַלאַטעטע גרויס שטיוואַלעס.

די קאָזעס האָבן אים אַרומגערינגלט, פאַרלאָפן דעם וועג, גע־
פלאָנטערט זיך פאַר די פיס און געמעקעט.

— באַלד, באַלד, היהלעך מיינע, באַלד — האָט ער זיי איינ־
געשטילט — אַז שראָל איז נישטאָ איז טאַקע אַ קלאָג צו ענק.

און אַזוי איינטענהנדיק, איז ער צוגעקומען צום פענצטער, זיך
אָפּגעשטעלט און דורכן פאָרהענגל געבאַפּט אַ קוק אין שטוב אַריין.
פלוצלונג האָט ער אַ ריס אויף געטאָן ס'פאָרהענגל און מיט אַ פאָר
משוגענע אויגן זיך צעגלאָצט אויפן בעט.

אַ רגע איז ער אַזוי געשטאַנען אין פענצטער, מיטן זאַק אויפן

הויקער, די גאַמבע פאַרריסן אין שטוב אַריין, מיט אַ מינע פון איינעם, וואָס עס איז מיט אים געשען עפּעס גאָר אומבאַקוועמס...
און מיט אַמאָל איז אים געוואָרן שטעכעדיק הייס אין בויך, און געפּרעסט אין זיך, פריער שטיל, דערנאָך וואָס אַמאָל העכער, האָט ער זיך צעבייטלט:
— אוי אַ רוח אין דיין מאַמען אַריין! האָסט שוין נישט געהאַט צו וועמען זיך צוצוכאַפּן, נאָר צו דער מומען?
— טאַטע, זאָלסטו אַזוי לעבן מיט מער, ווי יעך נישט — האָט חיים געשטאַמלט מיטן שיקלדיקן אייגל, שטייענדיק לאַנג און ברייט אויפן בעט, האַלטנדיק זיך פאַר די אונטערהויזן — יעך נישט, טאַטע — האָט ער זיך פאַרענטפערט.
— אוי, אַ בראָך האָט שראָל נאָך ענק ביידע געהאַט.
ער האָט שווער און דומפּיק אַראָפּגעלאָזט דעם זאַק, אַ צי־ געטאָן זיך פאַרן פּאַסיק און אַריין אין שטוב.
זיסל איז פאַרגליווערט געזעסן אויפן קופּערט, מיט די פינגער פאַרפאָרן אין די האָר און טויט געשוויגן. און דער פּוק איז גע־ שטאַנען פאַרן אָפענעם קעלער, נישט גערירט זיך און טעמפּ געקוקט דאָ אויף זיסלען, דאָ אויף חיימען.
— הע, זיסל, כ'בין דיר שוין צוגענגעסן געוואָרן, הע?

* * *

אין דער פרי האָט זיסל אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע שייטל מיטן פּליושענעם זשאַקעט —
פּוק איז נעגאַנגען צום גט.
צוריקצואוועגס איז דער פּוק אָפּגעטרעטן ביי דער גראָבער פייגע:
— גיץ מיר אָפּ מזל טוב, פייגע!
— מזל טוב, וואָס אי געשען? — האָט פייגע פאַרלייגט אירע צוויי הענט אויף די באָקעס.
— כ'האָב זיך געגט מיט מיין ווייב.
— זאָל אייך זיין מיט מזל... פאַרוואָס?
— גאָרנישט. פאַר אַ כפרה. אַ גוטן טאָג!
— אַ גוטן טאָג אַ גוט יאָר, מאָרגן וועל איך זיין ביי אייך.
פייגע האָט איבערגעטאָן די שאַרע ספּודניצע מיטן שלומפּער און אַוועק אין גאַס אַריין פאַרסאַרגען אַ שידוך פאַרן פּוק.

# אַן קינדער

ער אַ קויבערל און זי אַ קויבערל. גייען בײדע ווי נאָך אַ שטילער לוויה. די קעפּ אַראָפּ, די רוקנס איינגעבויגן, און אויף הינטן, פון דער זייט — די קויבערלעך.

אַדורכשניידנדיק אַ ווילִיע, דרייען זיי זיך אַרום יעדן הייזל, ווי אַ כלה אַרום אַ חתן אונטער דער חופה, און פאַר יעדער וועראַנדע לאָזן זיי זיך הערן מיט זייער שטענדיקן אויסגעאַרבעטן נוסח און פּזמון:

— זאַבאַווקי דליאַ דזשעטשי, זאַבאַווקי — שרייט לאָזערל מיט זיין פאַרכריפּעטן קולכל און זי, חנהלע, גיט צו:

— אַ קלעפּערל, קרעלן, פּילקעס, ווער קויפט?

און אַז קיינער ענטפערט זיי נישט אָפּ, גייען זיי ווייטער, איבער־לאָזנדיק הינטער זיך, פון געוואוינהייט שוין, דעם שטענדיק מאָנאָ־טאָנעם אויסגעשריי:

— זאַבאַווקי דליאַ דזשעטשי, ווער קויפט?

דאָס קול צעגייט זיך איבערן וואַלד און צערינט ערגעץ אין דער לופט.

פון ווילִיע צו ווילִיע באַגלייט זיי אַ חברה קליינוואַרג — זייערע פּרנסה־געבער — לויפן זיי נאָך. ציפּן, רייסן. טייל פּרואוון עפּעס איינהאַנדלען פאַר קליינע גראָשנס. לאָזערל קאָן זיך פון זיי נישט אָפּיאָגן, אַזוי ווי פון אַ מחנה קאָמאַרעס.

— פּאַשאָל — שרייט ער צו זיי — פּאַשאָל ממזרים!

דאָס ווירקט אָבער גאַנץ ווייניק אויפן קליינוואַרג. ער בייזערט זיך און זיי גייען אים נאָך, באַגלייטן אים אַ שטיקל וועג. דערנאָך קומט אונטער אַ צווייטע חברה..

לאָזערל איז שוין צו דעם צוגעוואוינט, שוין נישט פון היינט. ער ווייס, אַז ס'איז אומזיסט זיין שרייען. זיי וועלן זיך נישט אָפּשרעקן. נאָר אָנשרייען אויף זיי מוז ער, אַנישט וואָלטן זיי זיך אים אויפן קאַרק געזעצט, ס'ביסל סחורה צעטראָגן און אים

בדיל הדל געשטעלט. א קליינקייט, וואָס ס׳קליינוואַרג קאָן אַלץ אָפּטאָן?

גייען זיי אַזוי אין זייער שטענדיקן אויסגעמאָסטענעם טריט שוין, מיטן זעלבן ניגון אויסזינגענדיק:

— זאַבאַווקי דליאַ דזשעטשי, זייף פּולסנס!

ביז עס איז זיך עמעץ אויף זיי מרחם:

— ווייזט נאָר, וואָס האָט איר דאָרטן?

און אַז זיי שטעלן זיך אָפּ, ווערט אַ רעדל. מאַמעס און קינדער, אַ טאַפּעניש, אַ פּרעגעניש. ס׳גאַנצע ביסל סחורה ווערט דורכגעוואָרפן און אויסגעטאַפּט:

— ווי טייער?

— און דאָס?

— צו טייער.

— אין וואַרשע קאָסט ביליקער.

— ני פאָרן זי קאַ וואַרשע — ווערט שוין חנהלע בייז און נעמט זיך איינפּאַקן די סחורה — קום, בלויז וואָלוועלע קונים!

— אירט עפּעס אַראָפּלאָזן?

— כ׳קאָן נישט — בעט זיך לאָזערל.

— קום שוין, קום שוין — צופּט אים חנהלע.

— כ׳האַנדל מיט אייך נאַמנות־פּרייזן — טענהט לאָזערל, מאַכנדיק דערביי אַ רחמנות־פּנימל, ווי ער וואָלט זיך ס׳לעבן אָפּגעבעטן ביי אַ גזלן.

— יוקס.

— ס׳קאָסט די זייף?

— נאָכגעמאַכטע פּולסנס.

חנהלע קאָן זיך קוים איינהאַלטן פון כעס. אַ חוצפה עס האָט זיך אַזוי צו רעדן וועגן יענעמס פּראַצע. ווילסט קויפן — קויף, נישט? — נישט.

און לאָזערל בעט זיך:

— כ׳דאַרף דאָך אויך עפּעס צו פאַרדינען.

נישטערט מען אַזוי אַדורך די גאַנצע סחורה. אַלע ווײַלע געפעלט עפּעס אַנדערש און אַלע ווײַלע ווערט עפּעס אַנדערש באַטאַפּט, באַשמעקט און אויסגערודנגען.

און לאָזערל שוויצט, שלעפּט אַרויס די גאַנצע קראָם, צעלייגט זי אויפן טיש, מאַכט פּאַקוסן, פּרובירט, רעדט צו:

— איר הערט אַ פייף? איר זעט אַ קעמל? אייזן־שטאַרק — ווייזט ער, קלאַפּנדיק מיטן קעמל אין קאַנט פון טיש.

ביסלעכוויז ווערן די קונים צערונען און לאָזערל בלייבט מיט דער צעוואָרפענער קראָם סחורה אויפן טיש, אַרומגערינגלט פון ניי־געריקע חברה קליינוואַרג.

שטייט חנהלע און קוקט זיי אויף די הענטלעך און לאָזערל פּאַקט די סחורה אין די קויבערלעך אַריין.

— כ'האָב באַלד געזען אַז ס'אי קיין קונים נישט — ברומט חנהלע אונטער דער נאָז.

— ני רא קויפּט? — פּרואווט נאָך לאָזערל אַריינשרייען צו אַ מאַדאַם, שטייענדיק שוין אויף די שטיגלעך גרייט צום אוועקגיין.

— קונים, אַזאַ מזל אויף זיי — קאָן זיך חנהלע נישט פּאַסן. רייך איז עס ווי קורח און קאַרג אַז ס'וואָלט זיך אַ פינגער אָפּגעביסן פאַר אַ גראָשן. איינגעזונקען מעג עס ווערן, ס'גאַנצע מסחר, מיט די קונים צוזאַמען.

— וואָס שעלטסטו? — פּרואווט זי לאָזערל באַרויִקן — קאָנסט דאָך יענעם נישט נייטן ער זאָל קויפן.

— גיי אין דר'ערד אַריין מיט זיי צוזאַמען, בעזדזשעטניק! פאַר אַ קינד דאַרף קיין זאַך נישט זיין צו טייער...

לאָזערל ווייס מיט וואָס דאָס שמעקט. ער ווייס, אַז זי קאָן אים מאַכן שוואַרץ־שבת, אַ לעבעדיקע לוויה, אָט ווי ער גייט און שטייט. שווייגט ער. ענטפערט ער שוין מער קיין וואָרט נישט. ביז זי באַרויִקט זיך.

אַזוי קריכן זיי אַרום איבער די ווילִיעס אַ גאַנצן טאָג. אהיים קומען זיי טיף אין דער נאַכט שוין. און דעמאָלט ערשט עפנט זיך פאַרן לאָזערן ס'גיהנום. דאָס גאַנצע ביטערע האַרץ, אַלץ וואָס זאַמלט זיך אָן ביי חנהלען אין משך פון אַ גאַנצן טאָג, גיסט זיך אויס ווי אַ שלאַקס רעגן אויף לאָזערלס קאָפּ.

חנהלע האָט זיך שוין איר שטייגער ווען זי קריגט זיך מיט לאָזערלען, איר סיסטעם. זי הייבט אָן שטיל, ווי רעדנדיק צו זיך און ביסלעכוויז צעשרייט זי זיך אַזוי הויך, ביז זי פאַלט אַריין אין אַ היסטעריע און זי הייבט אָן ספּאַזמירן. דעמאָלט נעמט לאָזערל,

ליגט זי אַוועק אויפֿן בעט, מאַכט איר לויז אַרום דער טאַליע, נעמט איר אַראָפּ די שיך, בינדט איר צו דעם קאָפּ מיט קאַלט וואַסער און לאָזט זי אַזוי ליגן ביז זי באַרואיקט זיך. דערנאָך גייט מען ברוגזע צום טיש עסן וויעטשערע און די פֿאַמיליען־סצענע איז געענדיקט. ס'פֿאַרפֿאַלק גייט שלאָפֿן.

* * *

פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, צוגלייך מיט די רשעים אויף יענער וועלט, הערט אויף ס'גיהנום ביי לאָזערלען אין שטוב.

די קויבערס אונטער די בעטן, די שטוב אויפֿגערוימט. חנהלע אין אַ ווייסן פֿאַרטוך — שטראַלט פֿון נחת. איבער דער שטוב הענגט דער ריח פֿון פֿריש געקאָכטע פֿיש און ברוינע, קנאַקעדיקע חלה.

פֿאַר לאָזערלען איז דער גאַנצער שבת אַ היילונג אויף זיין האַרץ, פֿילט אַז ער איז באַלעבאָס. און בעת לאָזערל מאַכט קידוש און חנהלע שטייט שטיל, אונטערטעניק, הערט אויס און זאָגט נאָך די אמנס, טראַכט דאַן לאָזערל:

— פֿאָרט אַ מאַנספּאַרשוין...

אַ גאַנצן שבת האַלט חנהלע אין איין קעכלען איר מאַן. דאָ דאָס, דאָ יענץ, אַלע פֿאָר מינוט עפּעס אַנדערש, ווי זי וואָלט אים געוואָלט פֿאַרגיטיקן פֿאַר דער גאַנצער וואָך יאַדעניש. זי קריגט אויף אים רחמנות. וואָרים באמת, וואָס איז ער נעבעך שולדיק? ס'אי דאָך אַ גאָט־זאַך... קינדער האָבן דאַרף מען דאָך ווערט זיין. און מיט דער פּרנסה אויך ס'אייגענע — מ'לעבט דאָך ברוך השם. איינער לייכטער, איינער שווערער. ס'מסחר? — ס'אַ נפקא מינה מיט וואָס, מסתמא איז דאָך אַזוי אָנגעוויזן פֿון הימל... און אפשר — טראַכט זי — פֿאַרזינדיקט זי זיך. אַ יידענע, רעדט, שרייט, זידלט דעם מאַן. און מעג מען דען זידלען אַן אייגענעם מאַן?... ס'איז דאָך איר זיווג. פֿון אים חופּה וקידושין גענומען. פֿאַרפֿאַלן, זאָל זי זיך שוין מיט לאָזערלען עלטערן אין נחת און אין פֿרייד. און אַז גאָט זועט וועלן, וועט ער איר די יאָרן מחדש זיין, בענטשן איר טראַכט און מיט אַ קינד באַשערן.

אַזוי טראַכט חנהלע, בעטנדיק שטיל, אין האַרץ, גאָט זאָל איר מוחל זיין פֿאַר אירע זינד. און אַז חנהלע זעט ווי לאָזערל

איז צו איר צוגעלאָזן, פרייט זי זיך אויף איר מזל, וואָס זי האָט כאָטש אַ מאַן אַ מזג טוב, אַ גוטע נשמה. און גליקלעך, ווי אין אַ גן־עדן זענען זיי דעמאָלט. אַזוי ווי ניי־געבוירענע קינדער...

* * *

שבת נאָכן שלאָף.

חנהלע זעט שטענדיק אויפצושטיין אַ ביסל פריער, צוצוגרייטן פאַר לאָזערלען עפּעס. אין מויל אַריין נאָכן שלאָף. אַ געוואוינהייט אַזאַ ביי איר. און אַז לאָזערל עפנט נאָר די אויגן, שטייט שוין חנהלע נעבן אים:

— לאָזערל, ווילסט אפשר אַ ביסל פלוימען־יויך? — און שמאָטשקענדיק מיט די ליפּן, פאַרקרומענדיק זיך פון דער זויערלעכ־קייט, טראָגט אים חנהלע צו צום בעט דאָס קליינע, צוויי־אויערדיקע בלויע מנאַשקעלע:

— ס'וואָר ס'אי גוט? — זעצט זיך חנהלע אַוועק אויף לאָזערלס בעט.

לאָזערל טשאַמקעט מיט די ווייכע, רויפּליישיקע ליפּן, פּראַכנדיק ווי אַ גאַנדז.

— נאַ לאָזערל אַ קיכעלע, ס'האַרץ איז דאָך דיר מסתמא אַוועק נאָכן שלאָף.

רייבט ער צווישן זיינע געלע ציין דאָס פאַרביקע קיכל, רייבט, גריזשעט און זופּט נאָך פלוימען־יויך. דאָס פאַרקאָלטנטע בלאָנד־געלע בערדעלע טאַנצט, און קרישקעס, וואָס בלייבן איבער אויפן בערדל, שיטן זיך אים אויפן האָריקן האַרץ אַרויף. אַלע ווײַלע גיט זיך אים דער גאָרגל אַ הויב און דאָס כרופּעו הויבט זיך אָן אויף דאָס ניי.

זיצט חנהלע נעבן אים, קלויבט אַרויס די קרישקעס, צופּט זיי אַרויס פונם קאָלטן האָר און שמייכלט צו אים זיסלעך:

— גוטע קיכעלעך?

— אוהום. גוטע. חנהלע, גוטע. טוכלע.

— אוי ביסטו געשלאָפן, אַזוי ווי אַ געהרגעטער — ווערט חנהלע צו אים צערטלעך.

— טאַקע?... — גלעט זי לאָזערל.

לאָזט חנהלע אַראָפּ דעם קאָפּ אויף לאָזערלס ברוסט און שטיל ווערט אין שטוב און טונקעלער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ליגט מען אַזוי ביז אין דער שטאָק נאַכט אַריין. ס'גלוסט זיך גאָרנישט אויפצוהייבן, אָנצינדן אַ ליכט. ביידע, לאָזערל און חנהלע, שרעקן זיך אַזוי פאַר דער וואָך. און בסוד, פאַר זיך, זוכט יעדער צו פאַרגעסן, נאָך אַ מינוט אַריינצוכאַפּן, מיט נאָך אַ פּאָר מינוט צו פאַרלענגערן דעם שבת... און שווער, מאַט, שאָרשעט חנהלע אַרויס פון בעט. מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַליין נישט הערנדיק וואָס זי זאָגט און וואָס זי טראַכט, זינגט חנהלע אויס דעם גאָט פון אברהם. און לאָזערל הערט, און ווייס אַליין נישט וואָס ער הערט. ס'דאַכט זיך אים דאַן, אַז עפּעס ווייט, ווייט זינגט מען אַזוי שיין, אַזוי מאָראַליש, אַז ס'עס ציט די קלע אַרויס. ס'ווילט זיך אים דאַן איינגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, באַהאַלטן, פאַרגעסן, איינשלאָפן. אָבער פּלוצלונג, מיט אַמאָל, ווערט אים עפּעס בלענדנדיק אין די אויגן און עס דערהערט זיך חנהלעס האַלב־שבת נאָך, אָבער האַלב־וואָכעדיק שוין, דין קעציש קולכל:

— גוט וואָך!

חנהלעס „גוט־וואָך" האָט עפּעס אַ מאָדנעם כוח. די גאַנצע שטוב ווערט עפּעס מיט אַמאָל וואָכעדיק. ס'ווערט עפּעס רווישיקער, טומלדיקער און קעלטער. די ערשטע פּאָר מינוט קאָן זיך לאָזערל קיין אָרט נישט געפינען, ווייס נישט וואָס מיט אים טוט זיך. עפּעס שווינדלען אים די אויגן. אָט האָט ער אין דער שטוביקער פינצטער־ניש אַריין אַ שלש־סעודותדיקן שטילן ניגון געצויגן, געמיינט ער וועט אין דעם ניגון פאַרזינקען, איינזאַפּן און אַנטרינען... וואַקסן פאַר אים פּלוצלונג אויס די קויבערלעך מיט שפּילצייג, וועלכע ליגן דעם גאַנצן שבת פאַררוקט אונטערן בעט, און חנהלע, די וואָכעדיקע חנהלע, דרייט זיך אַרום איבער דער שטוב, קלימפּערט מיטן געפעס גלייך קיינער וואָלט אין שטוב געוועזן...

* * *

נאָך הבדלה נעמט זיך לאָזערל גלייכלייגן די סחורה, גרייט מאַכן צום ערשטן „פּאָטשאָנטעק". ער צעלייגט די סחורה איבערן טיש, סאָרטירט מין צו מין און פאָרזיכטיק, געהיט, ווי אויף שפּיץ פינגער, לייגט ער די סחורה צוריק אין די קויבערלעך.

אַז חנהלע ענדיקט צורוימען דעם שבת, קומט זי העלפן לאָזערלען ביי דער אַרבעט.

— זע נאָר ווי עס ליגט, קענסט שוין נישט בעסער? ני גיי שוין, גיי, זגראַבנע לאַלע, ברענג בעסער אַן עמער וואַסער.

— שוין — ענטפערט לאָזערל אונטערטעניק און פליט אַרויס פון שטוב.

— אַ האַנדל — ברומט חנהלע — ווער מיר צרות ווינטשט. אַ פּרנסה מ׳שטיינס געזאָגט. שפּילעכלעך, זאַבאַוועקעס. פאַר אַלדע שוואַרץ יאָר... פאַרזאָרג אַ וועלט קינדער מיט צאַצקעס...

— ני, חנהלע, ווי האַלטסטו — פּראַלט לאָזערל אַריין מיטן עמער וואַסער אַ פּאַרסאָפּעטער — פאַרטיק?

— זע נאָר ווי דאָס סאַפּעט, דער וואַזשנער מאַנספּאַרשוין...

לאָזערל ווייס שוין, אַז ס׳הויבט זיך אָן. פּרואווט ער זיך פאַררעדן:

— פּייער מאַכן?

— מוחל! כ׳וועל שוין אַליין. גיי דיר צו דיין פּרנסה.

— ס׳געפעלט דאָך דיר נישט מיין גלייכלייגן — פאַרענטפערט ער זיך.

— גיי, גיי מיר בעסער אַרויס פון די אויגן, לאָמיך דיך נישט אָנקוקן. זע נאָר, קוק עס נאָר אָן ווי עס שטייט. געטש! וואָס שטייסטו נאָך? האָסט דאָך שוין גלייכגעלייגט, גיי דיר אַ ביסעלע כאַפּן לופט, ליג נישט איבער מיר, כ׳וועל דיר נאָך פאַרמיאוסט ווערן...

און אַז לאָזערל באַווייזט זיך נאָר פון יענער זייט טיר, יאָגט אים שוין נאָך חנהלעס קול.

— לאָזער! לאָזער! אַהער גיי!

און טיף אין דער נאַכט אַריין קלינגט אָפּ חנהלעס קול, באַגלייט מיטן געקלאַנג פון די קויבערס סחורה.

# מען דאַרף וויסן פאַרוואָס מען טאַנצט

שמחת־תורה ביינאַכט האָבן זיך די ליובאַוויטשער שוין קוים געהאַלטן אויף די פיס. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געטרונקען, געזונגען און געטאַנצט. געטרונקען האָט מען אויף אַ חסידישן שטייגער, נישט עפּעס אַ ווייבערישע משקה, נאָר עכטן יין שרף, זעקס־און־ניינציקער, און טאַקע פּלעשערווייז... די ליובאַוויטשער האָבן שאַרפע קעפּ און פול — נישט נאָר מיט תורה, נאָר אויך מיט הויכע רעיונות. זעקס־און־ניינציקער האָט נישט אַזוי לייכט קיין שליטה איבער אַזעלכע קעפּ. גייט טאַקע די משקה דער עיקר אין די פיס אַריין. זיי ווערן שווער און גענייגט צו פּלאָנטערן זיך. דער קאָפּ איז אַ ביסל באַרוישט, אָבער נישט אַזוי ווייט פון ביטערן טראָפּן, ווי פון התרוממות. אַ קלייניקייט שמחת־תורה?

געזונגען האָט מען און געטאַנצט ממש ווי באַנומענע — אַ באַרוישטער און אומאויפהערלעכער טאַנץ פון אַלע צוזאַמען אין אַ רעדל און פון יעדן באַזונדער אַרום זיך. משקה רודערט אויף דאָס בלוט אין די אָדערן. ביי מענטשן מיט שלעכטע מידות פירט משקה לכל הדעות נישט צו דערהויבונג, זי פאַראומרייניקט דעם קאָפּ. אָבער נישט ביי די ליובאַוויטשער. אין טרינקען מוז זיין אַ טעם, אַ כוונה צוליב וואָס מען טרינקט. גלאַט סתם טרינקען געשיקט זיך נישט ביי ליובאַוויטשער. שמחת־תורה דאַרף מען טרינקען, איז אַ מצווה צו טרינקען, וואָרום די משקה צעווייקט דעם גוף, פאַרוואַנדלט דעם חומר אין עפּעס אַ פליסיקער זאַך וואָס צערינט, פאַרשווינדט און ווערט אויס, און עס בלייבט איבער כולו רוחניות, כולו תורסה און רעיון וואָס ווערן פאַרוואַנדלט אין געזאַנג און טאַנץ, וואָס פירט בהדרגה צו דער שלימותדיקסטער באַהעפטונג מיט דער קדושה פון דער וועלט, מיט דער שיינקייט פון נצח שבנצח.

די ליובאַוויטשער וויסן פאַרוואָס זיי טרינקען, זיי ווייסן און

פאַרשטייען דעם טעם פון טרינקען, פון זינגען און טאַנצן. אַז מען האָט אַ גאַנץ יאָר עוסק געווען אין תורה, געווען מיט איר באַהאָפטן דורך טעג און דורך נעכט — דאַרף מען, מוז מען, קען מען נישט אַנדערש, נאָר מען מוז טאַקע טרינקען, זינגען און טאַנצן.

אויף די טישן זענען געשטאַנען מאכלים פון כל טוב, אָבער דער עולם האָט זיך נישט געאײַלט צו דער אכילה. וואָס מער דער גוף ווערט דורכגעווייקט מיט משקה, אַלץ קלענער ווערט דער הונגער, דאָס באַדערפעניש צו עסן, גלאַט און סתם אָנצופילן דעם חומר. נישט מער, עס איז דאָך אַ סעודת מצווה — איז מען עפּעס טועם און ביני לביני כאַפּט מען ווידער אַריין אַ ריקודל.

דאָס ליובאַוויטשער שטיבל האָט זיך געפונען אין פּליטים־הויז. אין דעם הויז האָבן ליובאַוויטשער געוואוינט. געוואוינט האָבן דאָרט אויך פאַרשידענע אַנדערע פּליטים — נישט קיין ליובאַוויטשער און ווייט נישט קיין חסידים. איז דער עולם געשטאַנען אין די טירן פון שטיבל און צוגעקוקט זיך צו די טענץ פון די ליובאַוויטשער. די טישן מיט די מאכלים זענען געשטאַנען פריי פאַר יעדן איינעם. ווער עס האָט נאָר געוואָלט האָט געקענט צוגיין און עסן, אויסטרינקען אַ גלעזל משקה. צו זאַט זענען די פּליטים נישט געווען, שוין זינט יאָרן אַזוי. די ליובאַוויטשער האָבן די צוקוקער פאַרבעטן צו די טישן:

— עסט יידן, ס'איז יום־טוב היינט, די טישן זענען צוגעגרייט פאַר אַלע, כל דכפין.

מען האָט זיך טאַקע נישט געלאָזט בעטן, מען האָט געגעסן און אין מיטן זאַל איז אָנגעגאַנגען דאָס געזאַנג און געטאַנץ פון די ליובאַוויטשער.

צום טאַנצן האָט זיך קיינער פון די צוקוקער נישט געריסן.

ס'זענען געווען אפשר אַזעלכע, וואָס זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן פאַרדביקהטן געזאַנג, מיטן שוימיקן טאַנץ. געווען אפשר אַזעלכע, וואָס האָבן טיף אין האַרץ מיטגעטאַנצט, אָבער אַריינדרייען זיך אין ריקוד — דאָס נישט. נישט מחמת התבודדות, נאָר פּשוט, ווייל מען האָט, ווייזט אויס, געפילט אַז מען וועט נישט קענען מיטגיין מיטן אָטעם פון די ליובאַוויטשער. און פילט מען זיך

הינטערשטעליק, דאַרף מען זיך האַלטן באַשיידן, האַלטן זיך פון דער ווייטנס. נישט שטערן.

אגב איז טאַנצן נישט דאָס אייגענע וואָס עסן. א ריקוד ביי די ליובאַוויטשער שמחת־תורה ביינאַכט, איז נישט געגליכן צו אַ שטיק פיש, וואָס שטייט אויפן טיש און יעדער קען צוגיין און נעמען. אַ ליובאַוויטשער פאַרשטייט די מענטשלעכע טבע אָנצופילן דעם חומר, ווען ער איז הונגעריק, צו פאַרשטאָפּן אים מיט שפייז. ער ווייס אָבער אויך פון נאָך אַ מין הונגער, אַ הונגער וואָס האָט לחלוטין נישט צו טאָן מיטן חומר. יענעם הונגער איז גאָר נישט אַזוי גרינג צו שטילן.

די מענטשלעכע מיטלען צו שטילן דעם הונגער זענען אין תוך נגנוג באַגרענעצט. אין גאַנצן שטילן איז אים טאַקע נישט מעגלעך אפילו דורך טאַנצן, אָבער קודם כל דאַרף מען זיין טאַקע הונגעריק, דעמאָלט האָט דאָס טאַנצן אַ זין, מ׳דאַרף זיין אַ ליובאַ־וויטשער כדי דאָס צו פילן.

די צוקוקער האָבן, ווייזט אויס, אַרויסגעפילט און אפשר אויך מיטן פשוטן שכל פאַרשטאַנען דעם תוך פון דער זאַך. בלויז איין אויסנאַם איז געווען. צווישן דעם עולם צוקוקער האָט זיך געפונען אַ יונגערמאַן, וועלכער איז געקומען שמחת־תורה ביינאַכט צו די ליובאַוויטשער קוקן אויף זייער בייז וואונדער. עפּעס אַן אויסגע־פּראַנטעוועטער גאָרנישט, אין אַ קאַפּעליושל פּאַררוקט אויף אַ זייט, מיט אַ פּאָר גרויסע בהמהשע שאינו־יודע־לשאול־אויגן, וואָס קוקן אויף אייך און נישט זיי זאָגן דיר עפּעס און נישט זיי פרעגן עפּעס — גלאַט סתם קוקערס, נישט קיין אויגן. אויסגעפּוצט און דורכגעזאַפּט מיט אַן עסנדיקן אוויר פון פּערפומען, פּונקט ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן אין וואַרשע, בעת ער איז געקומען ווי אַ פּאָרטענצער אין איינעם פון די נאַכט־לאָקאַלן, איז ער איצט גע־קומען צו די ליובאַוויטשער.

דער ריח פון פּערפום האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן זאַל, און די ליובאַוויטשער האָבן דערפילט דעם פרעמדן ריח, געצויתן מיט די נעזער — וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַן אָנשיקעניש?

דער יונגערמאַן איז אויך געוואָרן היימיש. געזען אויפן טיש מאכלים, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און גענעסן. געמאַכט אַ כוסה נאָך אַ כוסה און פאַרביסן. קיינער פון די ליובאַוויטשער האָט זיך

אויף אים נישט אומגעקוקט. ער זיצט און עסט — זאָל ער עסן. ער וואָלט נאָר נישט מיטגעבראַכט מיט זיך אָט דעם משונהדיקן ריח, פון וואָס עס גייט אַ חלשות, וואָלט מען שוין געקענט אויסהאַלטן.

אָפּגעגעסן, האָט זיך דער יונגערמאַן אויפגעהויבן, געשטאַנען און נאָך אַ ביסל מעלה־גרהט, אָפּגעווישט מיט אַ טיכל די זאַטע ליפּן און מיט אַ נאַרישן שמייכל אַרומגעקוקט זיך איבערן זאַל, אויף די טאַנצנדיקע. דאַן איז ער אַפּערגעגאַנגען פון טיש, פאַר־קאַשערט די אַרבל, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אויפצוהויבן עפּעס אַ שווערע משא, און איז צו צו דער טאַנצנדיקער גרופּע ליובאַוויטשער. אָנגעכאַפּט איינעם פאַר איין האַנט, דעם אַנדערן פאַר דער אַנדערער האַנט און שוין האָט ער זיך געפונען אין רעדל, מיטגעטאַנצט מיטן גאַנצן עולם.

די טאַנצנדיקע זענען געוועזן פאַרנומען מיט זיך. מען האָט עפּעס יאָ דערפילט עמיצן אַ נייעם, אָבער דער טאַנץ איז געגאַנגען ווייטער מיטן זעלביקן ברען.

אין מיטן פונם רעדל טאַנצנדיקע איז געשטאַנען איינער פון די ליובאַוויטשער, אַ קליינגעוויקסיקער, אַן אויסגעמאָגערטער, מיט לאַנגע און דאַרע הענט און אַ קליין, אָפּגעצערט פּנים, פון וועלכן ס'האָבן אַרויסגעקוקט שאַרף און דורכדרינגלעך צוויי גרויסע, שוואַר־צע אויגן. ער האָט געטאַנצט אַליין, פאַר זיך אַליין אין מיטן פון אנשי שלומינו. האָט זיך דער ליובאַוויטשער אויף אַ רגע אָפּגע־שטעלט, אַרום האָט זיך האַסטיק געדרייט אַ לעבעדיקער און צעזונ־גענער ווינט און אַליין איז ער געשטאַנען אין מיטן און מיט חידוש געקוקט אויפן פרעמדן. ער האָט אים נאָכגעקוקט, געפאָרשט, געוואָלט דערגיין צי עס איז פאַראַן עפּעס אַ טעם אין דעם יונגנמאַנס טאַנצן.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אָפּגערופן:

— יונגערמאַן, יונגערמאַן!

דער יונגערמאַן האָט נישט געענטפערט. דער ליובאַוויטשער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט ביז דער יונגערמאַן איז אין טאַנץ צוגעקומען נעענטער צו אים. דעמאָלט האָט אים דער ליובאַ־וויטשער אַ צופּ געטאָן פאַרן פאַרקאַשערטן אַרבל און מיטטאַנצנדיק האָט ער אים אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, יונגערמאַן, פאַרוואָס טאַנצט איר?

דער פרעמדער האָט אים נישט געענטפערט און ווייטער געטאַנצט. אָבער דער ליובאַוויטשער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט.

— פאַרוואָס טאַנצט איר?

דער פרעמדער איז געבליבן שטיין, נאַרישעוואַטע א גלאָץ געטאָן אויפן ליובאַוויטשער:

— פאַרוואָס איך טאַנץ? איך ווייס נישט, איך זע מ'טאַנצט, טאַנץ איך אויך.

— אַזוי, — האָט דער ליובאַוויטשער מיט ביטול צו אים זיך אָפּגערופן, — איר ווייסט טאַקע נישט פאַרוואָס איר טאַנצט און איר טאַנצט? זייט־זשע וויסן, אַז אַ מענטש וואָס טאַנצט און ווייסט נישט פאַרוואָס ער טאַנצט, איז אַ גאָרנישט, איר הערט? אַ גאָרנישט שבגאָרנישט!

מער האָט שוין דער פרעמדער נישט געטאַנצט. ער איז נאָך געשטאַנען און קעלביש געקוקט אויף די טאַנצנדיקע און זיך גיך אָפּגעטראָגן פון ליובאַוויטשער שטיבל.

מיט חבדניקעס שפּילט מען זיך נישט.

שאַנכיי, 1943.

# הינטיש לעבן

א מעשה וועגן א באַגעגעניש מיט א הונט, א שלעפּער.

ווי דער הונט האָט געהייסן, דאָס ווייס איך נישט. עס קאָן זיין, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין הינטיש לעבן קיין נאָמען נישט געהאַט. אַ מישלינג, מיט אַ בלאָנדער פעל, שיטער באַוואָקסן און קרענקלעך אָפּגעצערט. אַ נעבעכדיק באַשעפעניש, אָן אַ בודע אָן אייגענער, אָן אַ באַלעבאָס, היימלאָז און פאַרבלאָנדזשעט אויף גאָטס וועלט. וועלכער הונט פון אַזאַ מין האָט עס אַ נאָמען?

די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אויפן פּלעצל, נישט ווייט פון פּליטים־קאָמיטעט, דאָרט וואו עס איז געווען דער טרעף־פּונקט פון די פּליטים. אַ גאַנצן טאָג פלעגט דאָס פּלעצל פול זיין מיט זיי. דאָ איז מען געקומען זיך דערוויסן נייעס, אָפּנעמען פּאָסט און כאַפּן אַ שמועס וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן, ווי וועגן די ווייטערדיקע אויסזיכטן אויף עמיגראַציע.

אויפן דאָזיקן פּלעצל פלעגט זיך אויך אַרומדרייען דער בלאָנדער הונט, וועגן וועלכן עס איז דאָ די רייד. שטיל, מיט הכנעה פלעגט ער גיין פון איין געזעמל מענטשן צום צווייטן, אָפּשטעלן זיך דאָ ביי איינעם, דאָ ביי אַ צווייטן, אַרומשמעקן די זוימען פון די קליידער, די קנאַפּל פון די שיך.

קיין שום באַשעפעניש אויף דער וועלט איז, דאַכט זיך, נישט אַזוי פּילבאַר אויפן ריח, וואָס אַ מענטש טראָגט מיט זיך, ווי אַ הונט. אינם ריח פון די קליידער דערפילט אַ הונט דעם מענטש וואָס געפינט זיך אין זיי. וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, פאַר אַ גוטס קאָן מען דערוואַרטן פון מענטשן, וועמענס קליידער זענען דורכ־געזאַפּט מיט ווינט אין שרעק, פון וועמען עס שלאָגט אַ ריח פון וואָגלעניש, פרעמדע געלעגערס און אומרו? איז טאַקע נישט קיין הידוש, וואָס דער הונט פלעגט, על פּי רוב אַן אומצופרידענער, אַ רעזיגנירטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און עק אָפּרוקן זיך אין אַ זייט, אַוועקלייגן זיך קעגן דער זון כאַפּן אַ דרעמל. אָבער אָפּ־

טרעטן פון פלעצל פלעגט ער נישט, דער הונט, אזוי ווי ער וואָלט ארויסגעפילט די גורל־געמיינשאפט מיט אָט דעם געזינדל און סאָלי־דאריזירט זיך מיט זיי ווי אַן אח לצרה. עס הייסט: העלפן קען איך אייך נישט, פונקט ווי איר קאָנט פאַר מיר גאָרנישט טאָן, אָבער איך בין מיט אייך צוזאַמען, הגם עס איז מיר ווינד און ווײ מײַן הינטיש לעבן.

קינדער אויפן פלעצל האָבן געוווּסט פון דעם הונט. וואָס איז דאָס פאַר א הונט פאַר זיי? דער קאָפּ תמיד אַראָפּגעלאָזט, דער עק תמיד צווישן די פיס, אַזוי שפּל, אַזוי דערשלאָגן, ער זאָל אַמאָל אַ ביל טאָן, אַ וואָרטשע טאָן צווישן די הינטישע צייַנער — גאָרנישט. קינדער האָבן פיינט אַזעלכע הינט און אין ווידערווילן און שנאה זענען קינדער אומברחמנותדיק. דער הונט האָט, ווייזט אויס, געפילט דעם ווידערווילן פון די קינדער צו אים און אויך ער, דער הונט, פלעגט אויסמיידן די קינדערס געזעלשאַפט.

מיטאָג־צייט פלעגט מען אים זען פאַר דער גאָרקיך, וואו די פליטים האָבן געגעסן מיטאָג. עס האָט געשלאָגן פון דאָרט אַ זויערלעך־וואַרעמער ריח פון ביליקע מאכלים. קיין גרויסע זיבן זאַכן זענען דאָ פאַר אים נישט געווען, אָבער מיט קיין ליידיקן מאָגן פלעגט דער הונט נישט אַוועקגיין פון דאָרט. אַ פּאָר מאָגערע, גוט אָרומגעגעסענע ביינדלעך פון פלייש, צי פון פיש, פלעגט ער דאָרט כאַפּן. צומאָל אויך — אַ שטיקל ברויט. איבערקלייבעריש איז ער נישט געווען, דער הונט, ער האָט אַלץ געגעסן.

נאָכמיטאָג האָט מען אים ווידער געזען אויפן פלעצל, פאַר־בראַכט דאָרט ביז פאַרנאַכט, ווען עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. און אַזוי טאָג אויף טאָג.

. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, בין איך געגאַנגען איבער דער גאַס און האָב פלוצלונג באַמערקט, אַז דער כלב האָט זיך דערשמעקט צו מיר. וואָס ער האָט אַזוינס אין מיר געפונען, איז שווער צו וויסן. אויפן פלעצל האָט ער מיך שוין עטלעכע מאָל אָרומגעשמעקט און איז תמיד אָפּגעטרעטן פון מיר אָן דער מינדעסטער אויפמערק־זאַמקייט. און איצט האָב איך עס פלוצלונג אַזוי נושא חן געווען ביי אים. תהילת איז ער אויך געבליבן שטיין, גענומען כלומרשט עפּעס זוכן אַרום זיך אויף דער ערד. אַז איך בין אַוועק ווייטער, איז מיר דער הונט נאָכגעגאַנגען מיט אַ תמעוואַטן אָנשטעל, אַז

דאָס מיינט ער גאָר נישט מיך. אַז איך האָב זיך נאָכאַמאָל אָפּגע־שטעלט, איז דער הונט ווידער אַמאָל געבליבן שטיין און ווידער אַמאָל אָפּגעשפּילט אַ הינטישע סצענע פון זוכן עפּעס אַרום זיך אויף דער ערד. לסוף האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעשטעלט דעם בליק אויף מיר און זיך מיט מיר איבערגעקוקט. ענדלעך האָט ער זיך גערירט פון אָרט און מיט אומדרייסטע, פּוילע טריט פאַרבייגעגאַנגען און די גאַנצע צייט זייטיק מיך אָבסערווירט, פאַרשנ־דיק משמעות וואָס איך האָב בדעה צו טאָן ווייטער.

איך בין געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג וואָס פריער און דער הונט — פאַר מיר. נישט מער, פון צייט צו צייט פלעגט ער פאַרהאַלטן דעם גאַנג, פאַרדרייען דעם קאָפּ אויף אַ זייט, כדי מיך צו האַלטן אויפן אויג. מיט אַמאָל האָב איך גיך פאַרקירעוועט אין אַ קליין, שמאָל קוועַר־געסל, אין דער ריכטונג צו מיין דירה. דעם הונט האָב איך מער נישט געזען. קענטיק, אַז ער האָט נישט באַמערקט וואו איך בין אים פאַרשוואונדן.

דער אָוונט איז געווען אַ דעמפּיק־הייסער. איבערן הימל האָבן זיך געיאָגט קליינע בליי־וואָלקנדלעך, וואָס האָבן אין איילעניש זיך אָנגעשטויסן און איבערגעיאָגט איינער דעם אַנדערן. אָנזאָג אויף אַ שטורעם. שוין דער פאַרנאַכט האָט געוויזן דערויף, אַז עס גרייט זיך אַ שטורעם. אַ פיינלעכע היץ איז געשטאַנען און פאַרדעכטיק שטיל איז געווען אין דער לופט. קיין בלעטל אויף אַ בוים האָט זיך נישט גערירט. איבערן הימל איז געווען אויסגעשפּרייט אַ רויטער צעגאָסענער פלאַם, ווי די זון וואָלט אויסגעלאָפן קאָכנדיק. האַלבע נאַכט איז טאַקע אויסגעבראָכן אַ שלאַקס רעגן. עס האָט געגאָסן ווי מיט צעבערס. און אַ ווינט איז געווען, געריסן שטיקער פון דער וועלט, געריסן דעם דאַך, דאָס הייזל מיינס, אַזוי אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַט הויבט זיך עס אויף פון אָרט דאָס הייזל און כ׳וועל דערמיט פאַרטראָגן ערגעץ אין ים אַריין. דער שטורעם האָט אַזוי אָנגעהאַלטן עטלעכע שעה. פאַרטאָג האָט זיך אויסגעלייטערט און אין דער פרי איז אויפגעגאַנגען אַ גליאיקע זון.

פאַר דער טיר פון מיין הייזל איז, ווי אַ בייגל פאַרפלאָכטן, געלעגן פּיטש נאַס דער הונט, דער בלאָנדער הונט, וואָס האָט מיך נעכטן פאַרפאָלגט דעם גאַנצן וועג אַהיים. אַז כ׳האָב אויפגעמאַכט די טיר, איז דער הונט אָפּגעשפּרונגען צוריק, צעטרייסלט די נאַסע

פעל און געבליבן שטיין אַנטקעגן מיר, קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן אַריין. איך בין געשטאַנען אין דער טיר, זיך נישט גערירט פון אָרט. כ׳האָב געקוקט אויפן כלב, געקוקט אין זיינע אויגן. זיי זענען געווען טרויעריק און מיד. עפּעס מענטשישעס, דאַכט זיך, האָט אַרויסגעקוקט פון די דאָזיקע אויגן. זיי האָבן גערעדט צו מיר, די אויגן, געבעטן זיך און געשטראָפט:

— שעם זיך צווייפיסיקער פּריץ, שעם זיך אין דיין ווייטן האַלדז אַריין. אַן אויסגעכאַליעטער ביסטו דעם פּרימאָרגן אויפגעשטאַנען, אַרויסגעקומען אויסשפּייען דעם לעצטן פּוילן גענעץ וואָס איז דיר פאַרבליבן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. און איך בין דאָ, פאַר דער טיר, געלעגן אונטער גאָס־רעגן. קאַלט איז געווען, פריצל, נאַס איז געווען און דערצו קראַנק פון הונגער. שלאָפן האָט זיך געוואָלט, שלאָפן אַזוי ווי דו, פּריצל.

דער הונט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געמאַכט עטלעכע טריט פאַר זיך און זיך אָפּגעשטעלט אַקוראַט מיטן הינטן צו מיר, פאַרקערנדיק דעם קאָפּ אין מיין זייט אַריין, ווי ער וואָלט אין פאַראַכטונג געטראַכט:

— גיי טענה זיך אויס מיט אַ מענטש...

איך האָב זיך אַ ביסל צוריקגעצויגן אין דער טיר און מיט סימנים, וואָס דאַרפן זיין פאַרשטענדלעך פאַר הינט, פאַרבעטן דעם הונט אין שטוב אַריין. ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און געקוקט אויף מיר מיט ווייטיק און אומצוטרוי. איך האָב געמאַכט עטלעכע שריט פאָראויס, דערנענטערט זיך צום הונט און אים גענומען גלעטן איבער דער נאַסער פעל. דאָס האָט, ווייזט אויס, געווירקט אויף אים. קענטיק, אַז עס האָט אים אַ צופּ געטאָן פאַרן הינטישן האַרץ, דער עק זיינער האָט זיך גענומען באַוועגן אַהין און צוריק, ווי אַן אומרו. ער האָט אַריינגעגליטשט דעם קאָפּ צווישן זיינע פיס, מאַנעווורירט מיטן קאָפּ פון איין פוס צום אַנדערן, געטוליעט און געריבן די נאַסע פעל אין מיינע הויזן. איך האָב אָנגענומען דעם הינטישן קאָפּ פאַר אַ שטיק לויזער, צעצויגענער פעל און פאַרריסן אים אַרויף, קוקנדיק אים גלייך אין די הינטישע אויגן אַריין. פון די אויגן זענען גערונען טרערן, אמתע טרערן, אָט אַזעלכע אַקוראַט ווי ביי אַ מענטש.

אַ ביסל שפּעטער איז דער הונט, אַן אויסגעזייפטער, אַן אָפּגע־

צוואָגנער און אַן אָנגעגעסענער, געלעגן אין אַ ווינקל פון פעדער־הויז, פויל פאַרוויקלט ווי אַ בייגל, און געשלאָפן אַ מידן און האַרטן שלאָף.

פון יענעם טאָג אָן איז שוין דער הונט מער נישט געקומען אויפן פּליטים־פּלעצל. עס האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן אַ רואיק הינטיש לעבן, אַ לעבן ווי עס פירן אַלע באַלעבאַטישע הינט. דער הונט איז געוואָרן הייטערער, פריילעכער. ער האָט שוין אָנגעהויבן בילן און געוואָרן איבערקלייבעריש מיט דער אכילה. ער פלעגט מיר נאָכגיין אויף שריט און טריט, ער איז געווען גליקלעך. דער קאָפּ שטאָלץ פאַרריסן, דער עק — פריילעך, ליצנותדיק פאַרדרייט און רירעוודיק. פלעגט ער דערזען פון דער ווייטנס אַ הונט, פלעגט ער צו אים אַריבערבילן און דערביי טאַנצן אַרום מיר, ווי ער וואָלט דערמיט געוויזן יענעם, אַנטקעגנאיבער:

— איך בין נישט קיין הפקר־הונט, זעסט? אָט איז ער, מיין באַלעבאָס, מיין האַר. אנו, פּרואוו אַ טשעפּע טאָן מיט מיר אַצינד, איך שינד פון דיר די הינטישע פעל אַראָפּ, דו כלב איינער.

אָבער נישט לאַנג האָט דאָס דאָזיקע הינטישע גליק אָנגעהאַלטן.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער הונט פּלוצלונג דערזען ביי מיר אין דער דירה עפּעס גאָר אַן אויסערגעוויינלעכע, משונהדיקע זאַך, וואָס זאָגט נישט אָן קיין שום גוטס: אַן אומשטאַנד אין שטוב, זאַכן — צעוואָרפן, וואַליזעס און קויבערס — צעעפנט מיט גרויסע אָפענע מיילער, אין וועלכע מען האַלט עפּעס אין איין שטאָפּן און פּאַקן כלערליי זאַכן. דער הונט איז אַרומגעשפּרונגען אַרום די וואַליזעס, באַשמעקט זיי פון אַלע זייטן, אַריינגעקוקט אומעטום, כדי צו זען וואָס דאָרט טוט זיך און מיט הינטישן נייגיר פאָרשנדיק נאָכגעפאָלגט וואָס עס קומט פאָר אין שטוב, ממש געקוקט אויף די הענט, וואָס מען טוט און פאַרביסן געשוויגן. אַז די וואַליזעס זענען פאַרמאַכט און אָפּגעשלאָסן געוואָרן, דאָס פּאַקן האָט אויפגעהערט, האָט זיך דער הונט אַ ביסל באַרואיקט. ער האָט זיך אויף אַלע פיר אַוועק־געזעצט נעבן פאַרפּאַקטן באַגאַזש, דעם קאָפּ אַוועקגעלייגט אויף די פאָדערשטע פיס און שטיל, פאַרשוויגן געוואַכט.

אָבער ענדלעך איז עס געשען. עס איז געקומען דאָס פיינלעכ־סטע אויף וואָס דער הונט האָט זיך געקאָנט דערוואַרטן: פרעמדע מענטשן זענען אַריינגעקומען אין שטוב און גענומען אַרויסטראָגן די

פּעק. דער הונט האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, ער איז אויפגעשפּרונגען, זיך צעבילט, געריסן שטיקער פון יעדן פּאַק וואָס מען האָט געריטט פון אָרט, אונטערגעווײנט און זיך געבײזערט אויף די טרעגער. ער איז אַראָפּ אויף דער גאַס און הילפלאָז געשפּרונגען און געבילט אויפן אויטאָ, אויף וועלכן מען האָט פאַרלאָדעוועט דעם באַגאַזש, און אַז דער אויטאָ איז מיט אַ רעש גיך אַוועקגעפאָרן, איז דער הונט צוריקגעקומען אין דער לײדיקער שטוב. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר מיר, פאַרריסן דעם קאָפּ זײנעם און מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פול מיט צער און ווייטיק:

— און וואָס וועט זיין מיט מיר? מיט מיר וואָס רעכנסטו צו טאָן?

* * *

דער הונט האָט מײן אָפּפאָר איבערגעקרענקט. שכנים וואָס זענען אַוועק שפּעטער פון מיר האָבן מיר דערציילט:

— אין די ערשטע שעהן נאָך מײן פאַרשווינדן, האָט דער הונט ממש די ווענט געריסן, געלאָפן משוגענערווייז איבערן הויז, געזוכט, געשמעקט. דערנאָך איז ערגעץ וואו אַוועק, געלאָפן זוכן אַ שפּור פון מיר. אין שעהן אַרום, אין אָוונט שוין, איז ער אַ רעזיגנירטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און עק צוריקגעקומען. מען האָט אים געגעבן עסן, אָבער ער האָט זיך נישט צוגערירט דערצו. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל, אָבער געשלאָפן איז ער אויך נישט. ער האָט שווער געאָטעמט, די פעל האָט ביי אים מאָדנע געפּיבערט און פון צייט צו צייט געלאָזט פון זיך הערן אַ שטילן, אַ ביטערן זיפץ.

דריי טעג האָט עס אַזוי אָנגעהאַלטן. דערנאָך איז ער ווידער ערגעץ אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען.

קאָבע, 1941.

# דער ערשטער מאַלצייט

צו דער שיף איז דאָס מאָל געקומען דער גאַנצער קאָמיטעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט מיטן פּרעזידענט בראש. ר' איטשע שפּילריין, וואָס קומט איצט אָן מיט דער שיף, איז נישט גלאַט אַזוי זיך אַ לאַנדסמאַן, נאָר איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים אַמאָל, אין דער אַלטער היים, אין קינצק. קיין גרויסער גביר איז ר' איטשע נישט געווען. פון ירושה־הויז מיטן שפּייז־קרעמל אויפן מאַרק האָט מען נישט געקענט נתעשר ווערן, בפרט אַז ר' איטשע האָט נישט אַריינגעלייגט דעם גאַנצן חוש זיינעם אין מסחר. זיצן איבער אַ ספר אַ פּאָר שעה אין טאָג, צי טאָן אין כלל־זאַכן איז נישט נאָר געווען ביי אים אַ מצווה, נאָר אַ באַדערפעניש, אַ פאַר־געניגן. טאָן אַ טובה אַ ייד, אַרויסהעלפן עמיצן אין אַ נויט, האָבן ביי ר' איטשען געהערט צו די מעשים בכל יום. איז ער טאַקע געווען זייער אָנגענומען אין שטעטל.

מעשים טובים גייען נאָך אַ מענטש דאָס גאַנצע לעבן און גרייכן אומעטום. דער רוב קינצקער לאַנדסלייט איז געקומען אַהער קיין אויסטראַליע נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן. אָבער ר' איטשען האָט מען נישט פאַרגעסן. און ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט און עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז ר' איטשע איז ניצול געוואָרן, געבליבן לעבן, האָט מען אים תיכף באַזאָרגט מיט אַ פּערמיט קיין אויסטראַליע.

נאָך מיט וואָכן פריער איידער ר' איטשע איז אויפגעזעסן אויף דער שיף, האָט מען פאַר אים געשאַפן אַ דירה, געקראָגן אַ צימער ביי אַ יידישער פאַמיליע אין קאַרלטאָן. מיט חיונה וועט ער אויך זיין באַזאָרגט. ער וועט אַרבעטן טאַקע ביים פּרעזידענט אין דער פאַבריק. אַזאַ ייד ווי ר' איטשע וועט אים צוניץ קומען. ער וועט זיין אַן אויפזעער פון מאַגאַזין. נישט קיין שווערע אַרבעט, האָבן אַן אויג אויף אַלעם וואָס טוט זיך אינעווייניק, וואָס מען נעמט אַרויס און וואָס מען ברענגט אַריין.

דער פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז אַ פּראָסטער

חי־וקים. אין קינצק האָט ער מיט ר׳ איטשען קיין שום מחזקות נישט געהאַט. זיי האָבן זיך געקענט ווי יידן פון איין שטעטל. אָבער נישט מער. וואָרים אברהמטשע חנה שרהס, דער היינטיקער פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט — מיסטער אייבי סטאָן — האָט זיך אין קינצק מיט גאָרנישט אַרויסגעזען. געווען אַ קליין מענטשעלע, געפּירט אַ געמאַטערט לעבן פון טעפּל אין מויל אַריין. דאָס קליינע שניידער־וואַרשטאַטל פון ביליקער טאַנדייט־אַרבעט האָט קיין גרויסע זאַכן נישט געקענט געבן. ערשט דאָ, אין אויסטראַליע, האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן אַ באַלעבאָס פון אַ גרויסער פאַבריק, אַ פּאָר געוועלבער אין דער געגנט אַרום מעלבורן, מיט אַן אייגן הויז, אַ קאַר און אַ שפּאָגל נייעם שמו, וואָס קלינגט אַזוי שיין און געהויבן: מיסטער אייבי סטאָן.

פאַר אים טאַקע, פאַר מיסטער סטאָן, איז ר׳ איטשעס קומען קיין אויסטראַליע אַ שטיקל איבערלעבונג. אַלע קאָמפּלעקסן וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט אין דער היים און געקריגן זייער פאַרגיטיקונג ערשט דאָ, אין דער נייער מדינה, האָבן זיך איצטער אָפּגערופן, נישט כדי צו פאַרשאַפן פּיין, נאָר אדרבה — צו גלעטן און שמייכלען. ער האָט טאַקע באַשלאָסן, אַז דעם ערשטן מאָלצייט זאָל ר׳ איטשע האָבן ביי אים.

— ר׳ איטשע וועט אויפשטעלן מויל און אויערן, ווען ער וועט דערזען ווער אברהמטשע חנה שרהס איז איצטער.

* * *

די באַגעגעניש איז אַדורך מיט אַ סך יידישלעכער גערירטקייט. מען האָט זיך געדריקט די הענט, דערמאָנט די אַמאָליקע יאָרן. ביי ר׳ איטשען זענען די אויגן געוואָרן אַ ביסל רויטלעך, פאַרטרערט. קליין, מאָגער, אָבער מיט אַ געדיכט און פעסט בערדל, שטאַרק גרוי שוין, איז ער געשטאַנען אַ ביסל אַ צעחושטער, געקוקט אויף זיינע לאַנדסלייט, זיך צוגעהערט צו זייער מאָדנעם לשון פון חצי יידיש און חצי ענגליש, נישט געגנוי פאַרשטאַנען און בלויז טיילמאָל משער געווען וואָס מען זאָגט.

— דו ביסט אברהמטשע חנה שרהס — האָט זיך ר׳ איטשע אָפּגערופן נישט דרייסט צום פּרעזידענט.

— רייט — האָט מיסטער סטאָן באַשטעטיקט.

— האָסט זיך כמעט נישט געענדערט, נישט מער אַ ביסל

פּולער און, דאַכט זיך, אַ ביסל העכער געוואָרן ווי דו ביסט געווען...
מיסטער סטאָן האָט ווייך געשמייכלט.

מיט געמאַכטער פּשטות האָט ער צוגעפירט ר׳ איטשען צו דער קאַר, ברייט צעעפנט די טיר פון פאָדערשטן געזעס, אַוועקגע־זעצט ר׳ איטשען נעבן זיך, אַרויסגעשפּיגן דורכן אָפענעם פענצטער עטלעכע משונהדיקע ווערטער צו זיינע מיטגלידער פון קאָמיטעט, ווערטער וואָס ר׳ איטשע האָט שוין לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, און די קאַר האָט אָנגעהויבן שטיל צו ציטערן. באַלד דערנאָך האָט ער געדרייט פון אָרט און זיך אַוועקגעלאָזט פּאַראויס איבער די גאַסן פון דער מעלבורנער סיטי.

— אַ פיין שטעטל, מעלבורן, וואָס?

— שייך צו זאָגן, אוודאי... — האָט ר׳ איטשע אָפּגעפּטרט.

ר׳ איטשע איז געווען פאַרנומען מיט די זייגערס אין קאַר, נעגלאָזט פאַרחידושט אויף מיסטער סטאָנס הענט ביים רעדל און געטראַכט וועגן אברהמטשע חנה שרהס אין קינצק. ווי קונציק און געשיקט ער פאָרט עס. נעבעך געווען אַ ביטערער אָרעמאַן דער טאַטע זיינער. קהל האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן. און ער אַליין, אברהמטשע? גאָרנישט שלעכט אויסגעשפּילט מיט זיין אַוועק־פאָרן פון קינצק. בלויז איין זאַך איז אים געווען קשה צו פאַר־שטיין: פאַרוואָס האָט ער זיך עפּעס געביטן דעם נאָמען? אז דער אייבערשטער האָט אים שוין יאָ געהאָלפן, וואָס וואָלט עס אים געשאַדט ווען ער הייסט אַזוי ווי ער האָט געהייסן אין דער היים און נישט אַזוי ווי ער רופט זיך דאָ. ווי רופט מען אים? ר׳ איטשע קאָן זיך נישט דערמאָנען, ער שטרענגט אָן דעם זכרון און וויל זיך דווקא דערמאָנען ווי אברהמטשע הייסט, אָבער עס העלפט נישט.

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט, ר׳ איטשע? — האָט מיסטער סטאָן געפרעגט.

— אַזוי, גאָרנישט, רעיונות.

— זאָרגט נישט, איר וועט זיין אָלרייט. אויף דער גאַס וועט איר נישט וואוינען, און אייער פּרנסה וועט איר אויך האָבן.

— חס וחלילה, זאָרגן זיך? דער רבונו של עולם פאַרלאָזט נישט.

— אַ פיינע קאַנטרי דאָ, אין גאַנצן אַנדערש ווי דאָרטן;

דאָ, זעט איר, פֿאָרט מען נישט מיט קיין פֿערד, מיט אַ קאַר פֿאָרט מען דאָ און ווער עס האָט נישט גייט מיטן טרעם.

וואָס שייך אים, מיסטער סטאָן, האָט ער אויך אַ פֿערדל זיין אייגנס, אָבער נישט צום פֿאָרן. ר׳ איטשע מעג עס פֿאַרמאָגן, וואָס דאָס פֿערדל זיינס האָט שוין געגומען.

— וואָס הייסט גענומען?

— די רייסעס, יו נאָו?...

עס האָט לאַנג געדויערט ביז ר׳ איטשע האָט אָנגעהויבן עפּעס צו פֿאַרשטיין וועגן דעם סוד פֿון די היגע פֿערד. אַזוי גוט פֿאַר־שטאַנען האָט ער עס נישט. נאָר משער געווען האָט ער, אַז דאָס מין פֿערד מוז דאָ זיין אַ גרויס מסחר.

אָבער צופֿיל האָט ר׳ איטשע נישט אַריינגעטראַכט אין דעם ענין. וואָס איז דאָ דאָ וועגן וואָס צו טראַכטן? בפֿרט, אַז דער קאָפּ איז איצט געווען פֿאַרנומען מיט אַ סך וויכטיקערע זאַכן. אָט איז מען איצטער גראָד פֿאַרבייגעפֿאָרן אַ גויאיש בית־עולם. צופֿיל צוגעקוקט דערויף האָט ער זיך נישט, אָבער די רעיונות האָבן נישט אָפּגעלאָזט. ווי זעט עס דאָ אויס מיט יידישקייט, פֿאַראַן דאָ כאָטש ערגעץ אַ לייטיש מנין. און איבער הונדערט יאָר — וואו ליגט מען דאָ אַוועק די מידע ביינער? נאָר מסתמא, אַז עס זענען דאָ יידן, איז אַלץ פֿאַראַן וואָס אַ ייד באַדאַרף.

דער אויטאָ האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן פֿאַרדריי און מיט אַ קרעכץ געבליבן שטיין פֿאַר אַ שיין, ווייס געמויערט הייזל מיט ברייטע פֿענצטער און אַ קליין געפּוצט גערטל אַרום.

— דאָ וואוין איך, ר׳ איטשע.

— גאַנץ פֿיין — האָט ר׳ איטשע באַשטעטיקט — אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן אָן דיין שאָדן.

ר׳ איטשע האָט נישט געהאַט וואו פֿריער די אויגן אַהינצוטאָן. דער אַריינגאַנג, דאָס גלייך געשווירענע און געקעמטע גראָז אַרום הויז, און דאָס הויז גופא, די שטילקייט אַרום — אַלץ איז אים אויסגעקומען עפּעס אַזוי מאָדנע. נישט ווילנדיק איז אים — ער ווייס אַליין נישט פֿאַרוואָס — געקומען אויפֿן זכרון דעם גלחס הייזל מיטן גאָרטן אין קינצק... דער פֿאַרגלייך האָט אים אַ ביסל פֿאַרדראָסן. וואָס האָט ער זיך עפּעס פּלוצלונג דערמאָנט אין גלחס הויז?

ר׳ איטשע איז געגאַנגען פאַראויס מיט נישט דרייסטע און אַ ביסל ציטערדיקע פיס און מיסטער סטאָן האָט אים לייכט אונטער־געהאַלטן, ר׳ איטשע זאָל זיך אַמאָל נישט אויסגליטשן.

ביי דער טיר האָט זיך ר׳ איטשע אָפּגעשטעלט, גענומען עפּעס זוכן מיט דער האַנט איבערן ביישטעדל און בשום אופן גאָרנישט דאָרט געקענט געפינען. אַ צוריקגעזעצטער האָט ער געשטעלט זיינע נישט דרייסטע טריטעלעך איבער די ווייכע דיוואַנעס אויף דער ערד. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט באָרוועס און די פיס זיינע זינקען עפּעס אין אַזאַ משונהדיק ווייכער מאַסע...

— אַ יידיש הויז אָן אַ מזוזה... נו, מילא־מאַ...

* * *

אין עס־זאַל איז דער טיש געווען באַשטעלט מיט כל־טוב. גלעזער און גלעזעלעך, טעלערס און טעלערלעך האָבן אַראָפּגעפינקלט פון טיש און אין דער מיט — משקה, כלערליי פאַרבייסעכצער. די באַלעבאָסטע, אַ פעטלעכע פרוי אין די פערציקער, באַגוידערט און באַפּערלט, מיט שאַרפן רויט געצייכנטע ליפּן, האָט ר׳ איטשען אויפגענומען מיט אַ „האַו דו יו דו״, שטיל, קאַלט און פאָרמעל, און באַלד דערנאָך גענומען אַרומשמייען אַרום געדעקטן טיש.

אָבער שוין ביים איבערטרעטן די שוועל האָט ר׳ איטשע ביי זיך באַשלאָסן גאָרנישט טועם צו זיין פון קיין געקעכטס. אַ יידיש הויז אָן אַ מזוזה, ווי קאָן זיין גאָר אַ רייד וועגן כשר? ער וועט זאָגן, אַז ער פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען. ניין, פאַרוואָס טאַקע נישט זאָגן דעם אמת?

— פאַרשטייסט, אברהמטשע, איך בין דאָך נישט קיין היינט־וועלטישער... ס׳איז מיר שווער, דו האָסט דאָך געוואָלט ווי צום בעסטן מסתמא, אָבער איך קען נישט, ס׳גאַנצע לעבן אָפּגעהיטן כשר.

— כשר? ווי דען, ספּעציעל געהייסן אויף היינט אָנגרייטן כשר פלייש, פון יידישן בוטשער, יו נאָו...

ר׳ איטשע האָט אומבאַהאָלפן אַ שמייכל געטאָן. קיין למדן איז אברהמטשע קיינמאָל נישט געווען און דאָ, אין אויסטראַליע, איז דאָס לומדות זיינס נישט גרעסער געוואָרן. ספּעציעל פאַר אים היינט נעגרייט כשר פלייש. כשר ווי אַ חזיר־פיסל אין אַ כשרן טאָפּ. ר׳ איטשע איז באַשטאַנען אויף זיינס:

— א פּאָר האַרטע אייער, אַ גלאָז טיי, יוצא, נישט פאַרהונ־גערט בלייבן.

— ט'סרייט, ר' איטשע — האָט מיסטער סטאָן נאָכגעגעבן און גענומען אַריינאַרבעטן אין אַ פּעטן, זאַפטיקן סטעיק, פון וועלכן עס האָבן, ביי יעדן שניט אין פלייש אַריין, אַרויסגעטריפט רויטלעכע טראָפּנס, אַזוי ווי דאָס פלייש וואָלט געווען דורכגעזאַפּט מיט וויין... די אויגן ביי מיסטער סטאָן האָבן געפינקלט מיט הנאה, די ליפּן פעט און גלאַנציק, דאָס פּנים אָנגעשטרענגט, קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט — אויפן טעלער.

* * *

נאָכן מאָלצייט האָט מיסטער סטאָן אָפּגעפירט ר' איטשען אהיים, אין זיין דירה אין קאַרלטאָן. געווען אַ קאַלטער און ווינטיקער אָוונט. צו ביסלעך האָט אונטערגערעגנט און די קאַר האָט זיך נעגליטשעט איבער ברייטע גאַסן פאַרפלאַנצטע מיט ביימער און עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס האָבן געוואָרפן אַ מאָדנע טריב־געלן אָפּשיין אויף אַלץ און אַלעם אַרום. דאָס וואַקסענע ליכט האָט זיך געשפּיגלט אינם פייכטן אַספאַלט, איבער וועלכן די קאַר האָט זיך מיט חוצפּה און צעלאָזנקייט געגליטשט.

געווען צו פאָרן אַ מהלך רב און ביידע, ר' איטשע און מיסטער סטאָן, האָבן אַ לאַנגע צייט געשוויגן, נישט אויסגערעדט מיט זיך קיין וואָרט.

מיסטער סטאָן האָט געטראַכט, אַז מיט ר' איטשען וועט דאָ זיין אַ שווער עסק. עס איז אפשר גאָר אין גאַנצן געווען אַ פעלער וואָס מען האָט אים אַראָפּגעבראַכט אַהער. אַזאַ ייד האָט אפשר געדאַרפט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, קיין אַמעריקע אפשר, אָדער גאָר אין גאַנצן בלייבן אין דער היים, אין פּוילן.

ענדלעך האָט מיסטער סטאָן איבערגעריסן דאָס שווייגן און זיך אָפּגערופן:

— איר ווייסט, ר' איטשע, איך טראַכט די גאַנצע צייט וועגן אייך.

— דהיינו?

— עס זעט מיר אויס, אַז אַזאַ ייד ווי איר וועט דאָ זיין זייער שווער דורכצוקומען, יו נאָו? דאָס גאַנצע יידישקייט איז דאָ אַנדערש ווי דאָרטן. דאָ קוקט מען נישט אַזוי אויף יעדער קליינ־קייט. סיידן — דער רב אין קאַרלטאָן, אַ פּאָר אַלטע באַלעבאַטים

וואָס ווערן דאָ אויסגעהאַלטן פון זייערע קינדער. מיט אייער אָפּגעהיטנקייט אין יידישקייט וועט איר דאָ האָבן אַ סך טראַבל, יו נאָו. דערצו נאָך מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, ווי אין דער היים און מיט דער באָרד אַזוי ווי אין דער היים. ס'אַרא פּנים האָט עס? מען וועט דאָך אייך נאָכלויפן אין די גאַסן. און לעבן דאַרף מען דאָך אויך.

און מיסטער סטאָן קלערט אים אויף: ער וואָלט געוואָלט ר' איטשען האָבן ביי זיך אין דער פאַבריק. ער איז אַן ערלעכער מאַן און מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן ווי אויף זיך אַליין. קיין עוולה וועט ער ביי אים נישט ליידן. די „בייזיק ווייזישעס" זענען געזיכערט און נאָך מיט אַ שמיצל. אָבער ר' איטשע מוז זיך אַ ביסל אויסמענטשלען, עס הייסט, אונטערהאַקן אַ ביסל די קאַפּאָטע און דאָס בערדל אַראָפּנעמען, מיט איין וואָרט — אויסגרינען זיך. וועט עס ר' איטשע טאָן?

ר' איטשע האָט געהערט און געשוויגן. די קאַפּאָטע ווי די קאַפּאָטע. אָבער די באָרד? און איין האָר פון דער באָרד וועט ער יאָ אָנרירן?

— פאַרפאַלן, אברהמטשע, איך וועל מיך שוין נישט איבער־מאַכן. אויב פון דעם איז עס געוועזט, וועט עס שוין אַזוי בלייבן ווי ס'איז. מאן דיהיב חייא, יהיב מזונא — האָט ער אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ פּסוק און דערביי געהאַט אויך אַ געוויסע הנאה וואָס אברהמטשע פאַרשטייט אוודאי נישט דעם טייטש פון די ווערטער אָט אַזוי, ווי ער, ר' איטשע, פאַרשטייט נישט אברהמטשעס פרעמדע פּסוקים. ווער עס גיט לעבן — האָט אים ר' איטשע אויסגעטייטשט — גיט פון וואַנען צו לעבן. איכל שוין פאַרבלייבן דער אייגענער דאָ, אַזוי ווי איך וואָלט ווייטער געוועזן אין קינצק.

— ט'ס אַפּ טו יו, ר' איטשע — האָט מיסטער סטאָן קאַלטלעך געענטפערט.

די קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט. ר' איטשע האָט אַ טיפן קרעכץ געגעבן און אויסגעשטיגן.

— האָב נישט קיין פאַראיבל, אברהמטשע, דו קענסט דאָך מיך שוין נישט פון היינט...

אין דרויסן איז נעגאַננען אַ שלאַקס רעגן. אַ קאַלטער און נאַסער ווינט האָט אונטערגעטריבן ר' איטשען צו דער טיר פון זיין נייער דירה, אין דער נייער היים.

# אויף אַ זומער־וואוינונג

## (רעפּאָרטאַזש)

די שטאָט מעלבורן איז אַרומגערינגלט מיט מיטל־הויכע בערג און ים. און טאַקע אין די בערג און ביים ים געפינען זיך קליינע ישובים, מאָדערן איינגעאָרדנט: עלעקטרישע באַלייכטונג, קאַנאַליזאַציע, גוט געפּלאַסטערטע וועגן און אַספאַלטירטע גאַסן. אין יעדן ישוב — האָטעלן און גאַסט־הייזער, אַ חוץ פּריוואַטע ווילעס און הייזלעך. און איינע פון די פּאָפּולערסטע ישובים אין די בערג, בערך זיבעציק מייל פון מעלבורן, איז אַ קליין שטעטל — דיילספּאָרד. אייגנטלעך איז דאָס אַ גאַנצער קאָמפּלעקס קליינע ישובים וואָס ליגן האַרט איינע נעבן די אַנדערע און דערמאָנען צוזאַמען די אַמאָל פּאָפּולערע „ליניע" וואַרשע ־ אָטוואָצק.

דיילספּאָרד מיט איר שכנישע ישובים זענען באַזונדערס פּאָפּולער ביי דער מעלבורנער יידישער באַפעלקערונג. עס איז אַ געגנט וואוהין עס קומען זייער גערן יידן. און וואָס פּאָפּולערער די דאָזיקע געגנט ווערט ביי יידן — אַלץ ווייניקער פּאָפּולער ווערט זי ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט.

פאַר יידן איז די געגנט ווי אָפּגעמאָסטן. אַ ייד האָט דאָרט אַלץ וואָס ער דאַרף האָבן, ווען ער פאָרט אַרויס אויף זומער־וואוינונג: מינעראַל־וואַסער צום טרינקען און מינעראַל־בעדער צום באָדן זיך. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ „דעפּטאַק" איז אויך פאַראַן און אהינו בני ישראל, און דער עיקר די ווייבער, קיין עין־הרע זאָל זיי נישט שאַדן, פּאַראַדירן מיט פלעשלעך און גלעזלעך פון קוואַל צו דער באָד און פון דער באָד צום קוואַל.

געקליידט אין פאַרביקער, שרייאיקער געשמאַקלאָזיקייט, ווי נאָר עס קאָנען אויפגעקומענע, גייט מען גרופּנווייז איבער די געפּלאַסטערטע שטעגן און מען „האַקט" אַן ענגליש אַזוי, אַז יעדער זאָל הערן. און דער פלעגמאַטישער אויסטראַליער הערט טאַקע,

גייט פאַרביי און שמייכלט אונטער שטיל און דיסקרעט. דערפאַר איז אַזאַ גרופּע יידן זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, רעדט מען צווישן זיך שטיל אָבער פּליסיק אַ געשמאַקן לאָדזשער, צי וואַרשעווער, צי גאָר ביאַליסטאָקער יידיש.

דער רוב וואוינט אין פּענסיאָנאַטן — קריסטלעכע, פאַרשטייט זיך. אין דער גאַנצער געגנט זענען פאַראַן בלויז צוויי יידישע פּענסיאָנאַטן און איינער פון זיי — אפילו מיט אַ כשרער קיך. אין פּריוואַטע דירות וואוינט מען דאָ זעלטן. ערשטנס, איז נישט אַזוי לייכט צו באַקומען; און צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר, זייער ווייניק מענטשן פאָרן אַרויס אויף זומער־וואוינונג אויף אַ גאַנצן סעזאָן.

אין די יידישע פּענסיאָנאַטן קאָסט טאַקע טאָפּלט טייערער, דערפאַר אָבער איז דאָס עסן בעסער, געשמאַקער און בריוּוחדיקער ווי אין אַ קריסטלעכן פּענסיאָנאַט. אין אויסטראַליע שפּילט טאַקע דער פּרעס נישט קיין ראָלע, אָבער פאָרט, אַז מען קומט אַרויס אויף דאַטשע — וויל מען אויך נישט מוותר זיין אויף דער אכילה: אַ גוט שטיקעלע הערינג אין בוימל, אַ געהאַקט לעבערל, אַ פּעטשטיקל זופּן־פליייש, צי געבראָטן גענדזנס גייט נישט צופּוס. אין אַ קריסטלעכן פּענסיאָנאַט קריגט מען נישט די זאַכן. אָפּגערעדט שוין דערפון, אַז די אויסטראַלישע קיך איז בכלל ווייט נישט קיין געשמאַקע: אָן פּעפער און אָן זאַלץ, אָן צוקער און אָן שמאַלץ און בכלל אָן ריח און אָן טעם.

דאָס הייסט נישט, אַז אַלע יידן וואָס קומען אַהער וואוינען דווקא אין די יידישע פּענסיאָנאַטן. די צאָל ערטער אין די יידישע פּענסיאָנאַטן איז היפּש באַגרענעצט. אין געלט וואָלט די מניעה נישט געווען אַזוי גרויס, כאָטש עס איז באַדייטנדיק טייערער. עס איז נישט נאָר אַ פראַגע פון בעסערן עסן. מען פילט זיך טאַקע אויך היימישער אין יידישן פּענסיאָנאַט. נישט אַזוי שטייף און אָנגעצויגן. אָבער בלית ברירה גייט מען אויך אין די קריסטלעכע פּענסיאָנאַטן. אָבער נישט יעדער קריסטלעכער פּענסיאָנאַט נעמט אָן גערן יידישע געסט. די קריסטן האָבן אויך גערנער צו זיין בלויז צווישן זיך. פאַראַן אַ שטילע אָבער בולטע טענדענץ פון סעפּאַרירן זיך. דאָס האָט גאָר נישט צו טאָן מיט אַנטיסעמיטיזם. יידן פילן זיך פאָרט בעסער צווישן יידן, און קריסטן — צווישן

קריסטן. גיכער האָט עס צו טאָן מיטן אונטערשייד אין דער מענטאַליטעט, טעמפּעראַמענט וכדומה. אפילו קריסטלעך זיך האָבן יידן גערנער צווישן זיך. די פראַגע פון יאָ אָדער נישט ווען אויפנעמען יידישע געסט איז, מיט אויסנאַמען, אַ זאַך פון געשעפט־לעכער אָריענטאַציע פון באַלעבאָס — צי ער וויל האָבן אַ פּענסיאָ־נאַט מיט קריסטלעכע געסט, אָדער יידישע.

אָט איז פאַראַן אַ קריסטלעכער פּענסיאָנאַט, וועלכער איז פולשטענדיק „פאַריידישט" געוואָרן: אַלע געסט — יידן, בלויז דער באַלעבאָס און די דינערשאַפט זענען קריסטן. דער דאָזיקער באַלע־באָס האָט דאָ נישט געמאַכט קיין שום אָפּקלייב. די סעלעקציע, אַזוי צו זאָגן, האָט זיך געמאַכט פון זיך אַליין: וואָס מער יידן עס זענען אָנגעקומען אין דעם פּענסיאָנאַט — אַלץ קלענער איז געוואָרן דאָרט די צאָל קריסטן. אָפּט מאָל איז דאָרט נישטאָ קיין איין קריסט־לעכער גאַסט אויף אַ רפואה. צוביסלעך האָט זיך שוין דער באַלע־באָס אַליין אַ ביסל „פאַריידישט", אויסגעלערנט זיך מאַכן מאַנכע יידישע מאכלים, צוגעוואוינט זיך צו דער יידישער אומפּינקטלעכ־קייט, טומלדיקייט, אַזוי אַז דער רעגולאַמין אויף די ווענט מיט די צען כללים פון אָרדענונג און סדר זענען געבליבן נישט מער ווי אַ זכר לטיט נאָך אַן ענגלישן „אַמאָל". בכלל ווערט דיילספאָרד מיט איר אומגעגנט אַלץ מער „פאַריידישט". דאָס קומט פאָר בהדרגהדיק און אויף אַ צווייפאַכן אופן: יידן קומען דאָרט אהין וואָס מער און קריסטן ממילא — וואָס ווייניקער.

ווי פאַרברענגט מען אין די דאָזיקע אָפּרו־ערטער: אַ חוץ בעדער, וואַסער טרינקען און עסן די מאָלצייטן, בלייבט נאָך איבער סוף כל סוף אַ סך פרייע צייט אין משך פון טאָג. ביי אַן אויס־טראַליער איז דאָס נישט קיין שום פּראָבלעם. ער שפּילט אין טענים, ער מאַכט שפּאַצירן, אויספלוגן, אָדער ער זעצט זיך נאָר אַוועק אויף אַ זייטיקער באַנק און זיצט ווי אַ מומיע רואיק און נעמיטלעך גאַנצע שעהן אויפן זייגער.

וואָס טוט אַ ייד? — ער שפּילט אין קאָרטן. די מענער אַזוי, די פרויען אַזוי. פון פרישטיק ביז מיטאָג, פון מיטאָג ביז אָוונט־ברויט און פון אָוונט־ברויט ביז טיף אין דער נאַכט אַריין.

די געגנט אַרום דיילספאָרד איז זייער אַ שיינע: וואַלדיקע בערג און גרינע טאָלן. אַ לבנהדיקע נאַכט אין די בערג אין

דיילספּאָרדער געגנט איז ווי באַשאַפן פאַר סענטימענטאַלע פאָרלעך. אָבער די לבנה הענגט דאָ איבער די בערג אַן איינזאַמע און פאַר־לאָזענע. נישטאָ דאָ קיין יונגוואַרג, און דאָס וואָס איז דאָ איז ווייט נישט סענטימענטאַל און ראָמאַנטיש. אַ ביסל לעבן, יונגטלעכער רויש, מערקט זיך אין דער טאַנץ־האַלע. פאַר צוויי שילינג טאַנצט מען זיך דאָ אָן ביז חלשות. און עס טאַנצן נישט דווקא יונגלעך מיט מיידלעך, עס טאַנצן אויך מיידלעך מיט מיידלעך און אפילו יונגלעך מיט יונגלעך. אין צווישן כאַפּט מען זיך אריין אין „קאַפּע" אויף אַ גלאָז טיי. אָפּגעטרונקען, באַצאָלט — גייט מען אַהיים. דאָס איז אָבער געזאָגט געוואָרן וועגן דער קריסטלעכער יוגנט; די יידישע יוגנט זעט מען אין גאַנצן נישט אין דער טאַנץ־האַלע. זי קומט נישט דאָרט אַהין, זי טאַנצט ביי זיך אין פּענסיאָנאַט אונטער די קלאַנגען פון פּאַטעפאָן.

אַמאָל מיט יאָרן צוריק, איז אין דער געגנט געווען זייער היימלעך. אַנדערע באַדינגונגען זענען דעמאָלט געווען און אין גאַנצן אַנדערע מענטשן. געווען איז דאָס אין דער צייט פון גאָלד־רויש. די געגנט אַרום דיילספּאָרד איז רייך אין גאָלד. מען זעט דאָ נאָך היינט אפילו אויסגעגראָבענע גריבער, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעצויגן דעם רויטן מעטאַל. דעמאָלט איז דאָ געווען לעבעדיק. דעמאָלט האָט זיך געראָדערט. היינט פּוסטעווען די גאָלד־גריבער, זיי שטייען אויסגעהוילטע און פאַרלאָזענע. מען קומט אַהער נישט עפּעס צו זוכן. די גאָלד־גרעבער זענען אַוועק. היינט קומען דאָ אַהער מענטשן וואָס האָבן קיין גאָלד נישט געגראָבן, אָבער האָבן באַוויזן צו מאַכן צו ביסלעך גאָלד ביי פאַרשידענע געשעפטן. מען קומט דאָ אַהער נישט „אַרבעטן", זוכן גאָלד, נאָר זוכן רו און גענוס, תענוג עולם הזה. און שיין און רואיק איז דאָ טאַקע ווי אין אַ גן־עדן. אָבער די שיינקייט און רו איז אַזוי לאַנגווייליק, אַז לעבן, אַז עס פאַרגייט דער ריח פון דער בערגיקער פרישער לופט דאָ, עס פאַרגייט דער טעם און געשמאַק פון פאַרברענגען אויף זומער־וואוינונג.

און פונדעסטוועגן, ווען עמיצער וויל אַרויספאָרן אַהער אויף אַ פּאָר וואָכן אָדער טעג אפילו, מוז ער באַשטעלן אַן אָרט אין פּענ־סיאָנאַט, אָדער אין אַ באַזונדערער דירה מיט אַ יאָר פריער. אַן שום איבערטרייבונג און לצנות, מען מוז מיט אַ יאָר פריער באַ־

שטעלן און איינצאָלן האַנט־געלט פאַרן קומענדיקן סעזאָן. טאָמער טוט מען דאָס נישט — זיצט מען טאַקע אין די זומער־וואָכן אין דער היים אין מעלבורן, ווייל אַלע דירות און אַלע צימערן פון די פּענסיאָנאַטן זענען באַשטעלט פון פריערדיקן. מען האָט דעמאָלט דאָס שלעכטע געפיל, אַז מען האָט עפּעס פאַרלוירן, בעת פאַקטיש האָט מען גאָרנישט פאַרשפּעטיקט און גאָרנישט פאַרלוירן. וואָרום פאַרן זעלביקן געלט קאָן מען זיצן אין מעלבורן, וואָס איז פאַר זיך אַליין אויך אַ נישקשהדיקע „דאַטשע".

# דער פּרץ־פּאָרטרעט

ער האָט דאָמינירט איבערן גאַנצן זאַל. זיין בליק איז געווען אומעטום. קיינעם און גאָרנישט האָט מען געקענט אויסבאַהאַלטן פאַר אים אין גרויסן זאַל.

שווער צו זאָגן וואָס פּרץ האָט געפּילט, ווען מען האָט זיך ביי אַ טישל, אַקוראַט אונטער דער נאָז זיינער, אַוועקגעזעצט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, שפּילן אין קאָרטן. קיין גרויסן כּעס, דאַכט זיך, האָט ער יעדנפאַלס נישט אַרויסגעוויזן. גיכער פאַר אַלץ איז דאָס געווען פאַר אים אַ גלייכגילטיקע זאַך. דערפאַר, דאַכט זיך, האָט ער בפירוש נישט פאַרטראָגן, ווען עמיץ האָט זיך אַוועק־געזעצט קעגנאיבער אים ביי אַ טישל שרייבן דיכטונג.

דיכטונג איז אַן אינטימע זאַך, דאַרף נישט געמאַכט ווערן אַזוי אָפן, בפני כּל עם ועדה, מען דאַרף זיין אַ ביסל דיסקרעטער מיט דער מלאכה. אָבער מילא, זאָל זיין אַזוי, אַבי גוט... נישט קיין אומגליק, אַז מען זיצט דאָ, נעבן אים, און מען שרייבט אויך. דערויף איז עס דאָך „טלאָמאַצקע”, אַז מען זאָל דאָרט איינטונקען אַ פּעדער אין טינט אויך...

אָבער צום מייסטן, און דאָס טאַקע אָן שום צווייפל, איז ער געווען צופרידן בשעת חדווה. עצבות, מרה־שחורה, מחלוקת און קריגערייען האָט ער געהאַלטן פאַר סם־המוות. ער האָט עס נישט פאַרטראָגן, פיינט געהאַט בתכלית השנאה. מען האָט דאָס געקענט באַמערקן אָן זיין אָנגעדראָלענער אונטערשטער ליפּ, וועלכע איז אים בשעת מעשה אַראָפּגעהאָנגען. ער האָט ליב געהאַט פריילעכקייט און שלום־בית, ליב געהאַט הייטערקייט, אַ זמר און אפילו אַ טענצל. אָנגעקוואָלן האָט ער פון אימפּראָוויזירטע, עקספּראָמפּטע, נישט צוגעגרייטע און געוואָרענע יום־טובדיקע שעהן און מינוטן. דאָ האָט ער אויפגעלעבט, די אויגן האָבן זיך ביי אים צעגליט, געקריגן היץ.

און „טלאָמאַצקע" האָט געהאַט אַזעלכע שעהן און מינוטן, פּונקט ווי זי האָט געהאַט אירע וואָכעדיקע טעג. זי האָט געהאַט מחלוקתן און קריגערייען און געהאַט טעג און שעהן פון יום־טובדיקייט און פרייד. און טאַקע די יום־טובדיקייט האָט זי געקענט אַרויסכישופן פון זיך צווישן אַ יאָ און אַ ניין, כהרף עין. געקענט פאַרוואַנדלען אַ פּראָסטן וואָכנטאָג אין אַ יום־טוב, מאַכן יום־טוב אין דער וואָכן. געגנוג געווען אַ געלעגנהייטלעכער גאַסט, וואָס איז געקומען קיין וואַרשע, אַז מען זאָל צעשטעלן די טישלעך, אַוועקשטעלן אַ באַשיידענעם כיבוד, עפּעס טועם זיין, זאָגן אַ פּאָר ווערטער, אַ זינג טאָן און — אָט איז דער יום־טוב אַריינגעפירט. עולם פילט זיך דערהויבן, געמיטלעך, הייטער, דער יום־טוב שיינט אַראָפּ פון די טישן, פון די פּנימער פון די אָנוועזנדיקע, פון די ווענט שיינט ער אַראָפּ. פּרצעס אויגן שטראַלן פון פרייד און די אָנגעשוואָלענע וואָנצעס שמייכלען זאַט און צופרידן:

— אָט אַזוי, קינדערלעך, יום־טובדיק, פריילעך. זאָגטס עפּעס, נעמטס עפּעס אין מויל אַריין, און זאָל מען אויך זינגען אַ זמרל, אַ זמרל...

צי דאָס איז געווען הערשעלעס חתונה, אַ פאַמיליע־אָוונט, צי אַ באַנקעט לכבוד אַ שרייבער — אַלץ איינס: פּרץ האָט זיך מיטגעפרייט, מיטגעלעבט. און האָט מען זיך געקריגט, האָט ער אָן אָנגעכמורעטער, אַ ברוגזער אַראָפּגעקוקט פון דער וואַנט, פון פּאָרטרעט אַרויס, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט שפּרינגט ער אַרויס פון דער ראַם אַרום פּאָרטרעט און הייבט אָן צו שייגעצן און דרייען די אויערן אויף רעכטס און אויף לינקס.

ביי אַ טישל נעבן אויוון, אַקעגנאיבער דעם פּאָרטרעט, זיצט שלום אַש מיט זיין פרוי. צוזאַמען מיט זיי זיצט נאָמבערג. עס איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַש מיטן ווייב זענען נאָך יאָרן געקומען מיט אַ וויזיט קיין פּוילן, קיין וואַרשע. דער גרויסער זאַל איז כמעט ליידיק. נאָמבערג טענהט אַריין אין אַשן. ער רעדט דאָס מאָל נישט נאָר שכלדיק, נאָמבערג, אַזוי ווי ער האָט עס געקענט, ער רעדט אויך הייס. פון דער ווייטנס שלאָגט זיך אָפּ אין אויער און חזרט זיך איבער איין נאָמען: וויסנבערג. עס איז זיך משער צו זיין: וויסנבערג לעבט אין נויט. ער הונגערט.

ער איז קידער־ווידער מיט נאָמבערגן, אָבער נאָמבערג מאַכט זיך נישט דערפון. צו ביסלעך העלפט ער אים ארויס.

ווייסנבערג איז קידער־ווידער מיט אשן. דער קבלת־פּנים איז ווייט נישט געווען קיין הייסער... און אש מאַכט זיך יאָ דערפון. ער איז אין כעס, אש. אָבער נאָמבערג רעדט אין אים אריין, פּרואווט אים איבערצייגן, ווירקן אויף אים, אַז נישט געקוקט אויף גאָרנישט דאַרף מען, מוז מען... ס'איז דאָך ווייסנבערג...

נאָמבערג זאָגט איין מאָל: „ווייסנבערג" און אַן אנדערש מאָל: „איטשע מאיר", אָבער קענטיק, אַז אש ווערט נישט ווייכער... מיט אַמאָל שפּרינגט נאָמבערג אויף פון זיין געזעס און צעשרייט זיך אויף אשן הויך און פאַרכריפּעט. ער שרייט, בויגט זיך אין דרייען און פאַרקייכט זיך אין אַ שווערן אסטמאַטישן הוסט. אש איז אויך אויפגעקאָכט, צערודערט, בייז. רואיק זיצט אשס פרוי. רואיק אָבער אויפמערקזאַם הערט זי זיך צו צו דער קרינעריי. עס הערט זיך אויך צו פון אַקעגנאיבער — פּרץ.

פלוצלונג דערהערט זיך דאָס קול פון פרוי אש. דיסטינגירט, איידל און מיט אויטאָריטעט רופט זי זיך אָפּ:

— שלום, דו ביסט נישט גערעכט.

און פּרץ גלאַנצט צו איר מיט די אויגן:

— מיינע ווערטער... ער איז נישט גערעכט...

און אש האָט זיך באַרואיקט.

* * *

אויף דער טריבונע שטייט איציק מאַנגער. אַ סוף־זומערדיקער אָוונט אויף „טלאָמאַצקע". דער זאַל איז טונקל באַלויכטן. פון די ווינקלען קוקן שאָטנס ארויס. מאַנגער איז אַ ביסל „פאַרזיינט", און גראָד נישט פון „ביטערן טראָפּן", נאָר פון אייגענער השתפּכות־הנפש. ער צעזינגט זיך:

אוי, לאָמיר זינגען דאָס נייע ליד,<br>
איידל דידל דאַם,<br>
פליט די גאָלדענע פּאַווע<br>
אַריבער דעם שוואַרצן ים.<br>
זי טראָגט אַ ראָזע בריוועלע,<br>
אַ ראָזע ליבע־בריוועלע,

פאַר דעם רבינו תם,
פאַר דעם רבינו תם. אוי, אוי, אוי — — — —

ער זינגט איינמאָל, זינגט נאָך אמאָל, ביז ער קריגט אונטער־העלפער. פון דערפל ווערט א שטעטל. תחילת אַליין, איצט זינגט שוין מיט אים א גאַנצע „קאַפעליע". אפילו דער שווער־לייביקער, א ביסל פאַרמרוקעטער ד"ר גאָטליב שאַרט זיך צו נענטער און — ווייט נישט קיין מנגן — דאָך העלפט ער מיט, האַלט ער אונטער און „טלאָמאַצקע" צעזינגט זיך.

עס איז זיס און עס איז זויער אויף דער נשמה, עס איזביידע צוזאַמען... מאַנגער שטייט אין דער מיט פון רעדל און דיריגירט, דרייט מיטן לאַנגן, אויסגעדאַרטן און פון ניקאָטין פאַר־געלטן ווייז־פינגער אהין און צוריק און שיקלט צו מיט אַן איינל:
פאַר דעם רבינו תם,
פאַר דעם רבינו תם, אוי, אוי, אוי,
אוי־ווי, טי־טידל דאַס — — —

און פּרץ קוקט אַראָפּ פון פּאָרטרעט א פאַרבענקטער, א פאַר־כלינעטער אין נחת. עך, ווען ער קען אזוי אצינד אויך עפּענען דאָס מויל, מיטזינגען... ער קוועלט פון מאַנגערן, ער האָט הנאה פון „טלאָמאַצקע"...

* * *

און אָט איז א חתונה, הערשעלעס חתונה. „טלאָמאַצקע" פּראַוועט איצט די חתונה פון איינעם פון אירע איינזאַמסטע און עלנטסטע.

הערשעלע געהערט צום פּרץ־דור, פון אים אַליין געקראָגן סמיכה — איז „טלאָמאַצקע" אין א חתונה־זאַל פאַרוואַנדלט גע־וואָרן, אין א חתונה־זאַל מיט קלעזמאָרים, מיט א צוגעגרייטער סעודה, מיט „דרשה־געשאַנק" — אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין.

און געקומען איז צו דער חתונה דער גאַנצער פּער, דאָס שענסטע און בעסטע וואָס וואַרשע פאַרמאָגט. הויפּט־מחותן איז סעגאַלאָוויטש, ער איז אונטערפירער. און דער צווייטער אונטער־פירער איז ד"ר יצחק שיפּער. די כלה ווערט אריינגעפירט אין זאַל מיט אַלע כיבודים, ווי א קייסערינע. אַליין סעגאַלאָוויטש איז צערעמאָניע־מייסטער. די מוזיק שפּילט, מען זיצט ביי געדעקטע

טישן, מען עסט, מען טרינקט, מען זינגט און מען איז זיך משמח, מען איז משמח חתן־כלה.

הערשעלע זיצטביים טיש אין סאַמע אויבנאָן און לעבט איבער גליק, פרייד און אין זיין גליק און פרייד כאַפּט ער אַ בליק אויפן פּרץ־פּאָרטרעט... הערשעלע ווייזט אָן דעם יונגן ווייבל אויפן פּאָרטרעט און זאָגט איר עפּעס, קלערט איר עפּעס אויף. דאָס יונגע ווייבל קוקט אויפן פּאָרטרעט אַ פאַרבליפטע און פּרץ שמייכלט צו איר אַראָפּ דיסקרעט און פּאַטערלעך:

— יאָ, יאָ, זאָל אייך זיין מיט מזל, קינדערלעך; זאָל זיין שמחות ביי יידן...

און אַ גאַנצע נאַכט, ביזן גרויען טאָג אַריין, האָט „טלאָמאַצקע" געהוליעט, געטרונקען וויין...

* * *

עס האָט געהערט צו די „סודות" פון „טלאָמאַצקע" און אין דעם סוד איז אָן ספק געווען פאַרמישט פּרצעס פּאָרטרעט אויף דער וואַנט. טאַקע אָט די אייגנאַרטיקייט, די פאַרביקייט פון די געשלאָסענע אימפּרעזעס, באַזונדערס טאַקע — אינם ערשטן פּעריאָד פון „טלאָמאַצקע".

אין תוך זענען דאָס געווען נישט מער ווי פאַמיליען־אָוונטן, פאַרווײַלונגען אין אַ געשלאָסענעם קרייז פון בלויז אייגענע: שטאַם־געסט, משפּחה־מענטשן און אַריינגעפירטע געסט. די דאָזיקע אָוונטן האָבן זיך אָבער אויסגעטיילט און אונטערגעשיידט פון ענלעכע אימפּרעזעס ערגעץ אַנדערש. „טלאָמאַצקע" איז געווען דאָס אָרט, וואו דאָס בעסטע פון דער קינסטלער־וועלט, דאָס שענסטע פון דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער וועלט האָט געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרברענגען געמיטלעך, אין אַן אייגענעם און היימישן קרייז, וואו מען האָט זיך געקענט דערלויבן צו פאַרהאַלטן פרייער, איידער ערגעץ אַנדערש־וואו. דעריבער איז עס מעגלעך געווען, אַז קאַגאַ־נאָווסקי זאָל דערשיינען אויף אַזאַ אָוונט אין דער הלבשה פון אַ וואַרשעווער קאַטערינקאַזש: אין הויכע, גלאַנציקע שטיוול, אין אַ היטל וואו פון אונטערן דאַשעק האָט ממזריש אַפּערגעקוקט אַ פעט צוגעקלעפּטער „ניאָב", מיט אַן אַפּאַשקע אויפן האַלדז און באַלאָדן טאַקע מיט אַן אמתער קאַטערינקע, מיט אַ ביידל וואו עס איז געשטאַנען אַ לעבעדיקער פּאָפּוגיי, וואָס האָט פון שופלעדל אַרויס־

געצויגן „וואָרזאָגערישע" בריוולעך און אויף דער פּלייצע האָט קאַגאַנאָווסקי געטראָגן אַ גרויסע קעסל־פּויק מיט טאַצן און מיט אַ לעדערנעם רימען, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער פּויק אַרויס ביז צום קנאַפּל פון רעכטן שטיוול, צו וועלכן דער רימען איז געווען צוגעפּעסטיקט אַזוי, אַז ווען קאַגאַנאָווסקי האָט זיך באַוואויגן, האָט די קעסל־פּויק געפּויקט.

דעריבער איז עס מעגלעך געווען, אַז דוד הערמאַן זאָל דאָ דערשיינען ווי קאַגאַנאָווסקיס פּאַרטנער און אויף די ברעטער פון „טלאָמאַצקע", איבער אַ דיוואַן, צו מאַכן אַקראָבאַטישע קונצן און קאָזשעלקעס ווי אַ קונצנמאַכער אויף אַ וואַרשעווער יידישן הויף.

דעריבער איז עס מעגלעך געווען, אַז יצחק גרינבוים זאָל דאָ טאַנצן טאַנגאָ, ער זאָל בכלל טאַנצן, און נאָמבערג זאָל אומבאַהאָלפן מאַכן גרויסע שפּרייזן ביים אויספירן כלערליי און דווקא די שווערסטע „פיגורן" אין אַ „וואַלס־באָסטאָן", אָדער אַ „יאַווע"...

דעריבער איז עס מעגלעך געווען, אַז קלאַראַ סעגאַלאָוויטש זאָל דאָ אויפטרעטן אַלס „ציגיינערין", אַלס „טרעפּערקע"; אַז יצחק ברוינער זאָל דערשיינען פאַרשמינקט פאַר אַ נעגער, אַ כינעזער אָדער אַ טערק אין אַ פעסקע; און ד"ר לייפונער, דער הויפּט־דאָקטאָר פון „טלאָמאַצקע", וועלכער האָט שרייבער און אַרטיסטן באַהאַנדלט און געהיילט אומזיסט, זאָל זיך אַוועקשטעלן אין סאַמע מיטן זאַל און אויפזינגען זיין „יקום פורקן", אַז די ווענט האָבן געציטערט פון געזאַנג און פון געלעכטער.

און דערפאַר איז מעגלעך געווען, אַז יידישע אַקטיאָרן זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין „פּאַרקעט"־אַרטיסטן און אין מיטן זאַל, אָן הכנות, אָן שמינקע און ליכט, אַזוי מיר נישט דיר נישט, דערלאַנגט עפּעס אַ „נומער"; אַז ניימאַן זאָל לייענען וויציקע עקספּראָמפּטן און ד"ר יורים זאָל מיט אַ קאַפּעליע זינגען דורך איס אַליין פאַרפאַסטע לידלעך, אין וועלכע ער האָט גענומען יעדן אָנוועזנדיקן אויפן צימבל:

אוי, וויי,
אוי וויי טאַ־טע,
זרבבל מיט דער באָרד,
ווי אַ מלך אין דער קאָרט;

## בער י. ראָזען

אוי, ווײ —
הערמאַן דוד,
סיווײב האָט כבוד,
אוי, ווײ —
סעגאַלאָוויטש זײַען
האַלט אין שרײַען —
לאַפּיטוטן
שפּילן אין קאָרטן,
אוי־ווײ קליסקעלעך מיט באָב.
דאָ, אויף „טלאָמאַצקע”, איז עס מענגלעך געווען.

# צער און בענקשאַפט

אַנומעלט איז צו מיר אין „קדימה" צוגעקומען אַ יונגערמאַן פון די ניי־געקומענע און זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט:

— מיין נאָמען וועט אייך גאָר נישט זאָגן. איר קענט מיך נישט. פון אייך האָב איך יאָ געהערט. איך קען אייך פון די אַמאָליקע גוטע צייטן פון וואַרשע. געווען אַן אָפטער גאַסט אין ליטעראַטן־פאַראיין, כמעט אויף אַלע פאָרלעזונגען בין איך געקומען. כ'האָב ליב געהאַט צו לייענען און הערן רעדן אַ יידיש וואָרט, כ'האָב ליב געהאַט צו קוקן אויף אַ יידישן שרייבער, און איך קען טאַקע אַ סך יידישע שרייבער פון וואַרשע נישט בלויז פון לייענען, נאָר אויך פון זעען. איך האָב זיך געוואָלט מיט אייך באַקענען. נעמט מיר נישט פאַר אומגוט, עס איז דאָ אומעטיק, אַ ניי־געקומענער פילט זיך דאָ אוודאי אַ ביסל פאַרלוירן און יעדע באַקאַנטשאַפט מיט אַ ייד פון אונדזערע מקומות איז אַן אָפּפרישונג, דער עיקר טאַקע מיט אַ נישט פאַריאָקעוועטן ייד, אַזאַ ווי איר...

אין אויסטראַליע איז ער סך־הכל עטלעכע חדשים. ער האָט דורכגעמאַכט שבעה מדורי גיהנום, אויסגעווען אין אַ האַלבן טוץ קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דורך יאָרן געזעען כסדר דעם טויט פאַר די אויגן. נישט איין מאָל שוין געווען באַשטימט אָפּגעשיקט צו ווערן אין דער גאַז־קאַמער און עפעס ווי דורך אַ נס אַרויסגעדרייט זיך און געבליבן לעבן. אַלע זיינע נאָענטסטע זענען אומגעקומען. ער איז געבליבן איינער אַליין אויף גאָטס וועלט.

— איר פאַרשטייט, אַ מענטש, יעדער לעבעדיקער מענטש האָט אַמאָל דאָס באַדערפעניש אַ ביסל זיך אַראָפּצורעדן פון האַרץ. איז אָבער דער עלנט אַזוי גרויס, די איינזאַמקייט אַזוי שרעקלעך, אַז עס ווילט זיך אָפט מאָל נעמען אַ שטריק און אויפהענגען זיך.

דער יונגערמאַן איז געווען אויפגערעגט, די אויגן זיינע זענען געווען פאַרלאָפן און אונטערגעשלאָגן. אין האַלדז האָבן אים

געשטיקט די טרערן וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף העכער, צו די אויגן, כדי צו קריגן אַן אָפּגאַנג און ער האָט זיי מיט כוח איינגע־האַלטן און כסדר אַראָפּגעשלונגען.

איך האָב אים פּרובירט באַרואיקן, איבערצייגן אַז דאָס איז אַ שטימונג אַזאַ, וואָס וועט פאַרביי. דאָס לעבן איז שווער, בפרט ביים אָנהויב אין אַ ניי לאַנד. אַלץ אַרום איז פרעמד, אומ־באַקאַנט. אָבער ביסלעכווייז, מיט דער צייט, וועט ווערן בעסער. ער וועט ווערן היימישער מיט דער נייער סביבה, איינלעבן זיך אין די נייע באַדינגונגען.

— סביבה, זאָגט איר? וואו האָט איר זי, די סביבה? טאַקע אין דעם גייט עס דאָך. איך בין אַ געזונטער מענטש, איך האָב נאָך אין זיך אַ סך לעבנס־זאַפטן און אַ שטאַרקן ווילן צו לעבן. אָבער לעבן און לעבן איז נישט גלייך. איך אַרבעט שוין, פאַרדין אויף חיונה. אָבער דאָס איז דאָך נישט אַלץ. מען וויל דאָך נאָך עפּעס נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעגעסן... איר פאַרשטייט מיך, וואו זאָל זיך אַזאַ מענטש ווי איך אַהינטאָן?

איך האָב אים אויפגעקלערט: אַז עס איז אמת, דאָס לעבן דאָ איז קליין, איך מיין דאָס יידישע לעבן. עס נאָגט אַ ביטערע בענקשאַפט צו דעם וואָס איז געווען אַמאָל און איז פאַרניכטעט געוואָרן. אָבער דערצו קאָן מען זיך גאָרנישט העלפן. מען מוז נעמען דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז. עפּעס ווערט דאָ הי געטאָן. און וואָס מער יידן עס קומען אַהער — אַלץ לעבעדיקער ווערט, אַלץ מער ווערט געטאָן, אַלץ שטאַרקער ווערט דאָס יידישע לעבן, און מען דאַרף טאַקע זען מיטצוווירקן, כדי דאָס דאָזיקע לעבן צו פאַרשטאַרקן. פאַר זיך אַליין דאַרף מען עס טאָן, כדי נישט פאַרטרוקנט צו ווערן, כדי נישט אונטערצוגיין.

— אָט טאַקע אין דעם גייט עס דאָך — האָט דער יונגערמאַן אויפגעלעבט — אָבער ווי אַזוי? דאָ איז דאָך אַ בית־עולם, מיר אַליין, אַ סך פון אונדזערע איינגענע יידן גופא ווילן דאָך נישט אַזאַ לעבן, מען פאַרקלענערט עס דאָך, מען פאַרמינערט עס נאָך, מען פאַרמיאוסט עס און מען זאָגט דיר אָפּ יעדע האָפענונג, יעדע אויסזיכט אַזאַ לעבן צו בויען.

דער יונגערמאַן האָט מיר דערציילט: ער איז געווען צו גאַסט ביי אַ היגן ייד. וואָס הייסט אַ „היגער"? ער לעבט שוין דאָ

קרוב דרייסיק יאָר. דער ייד האָט אים אויפגענומען זייער ווארעם, מיט כבוד און כיבוד, אָבער דאָס וואָס ער האָט פון דאָזיקן ייד געהערט, האָט אויף דעם יונגנמאַן געווירקט אַזוי, אַז דער ביסן איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז; דאָס וואָס דער דאָזיקער ייד האָט געזאָגט, האָט ביי דעם יונגנמאַן אונטערגעהאַקט די פיס, צוגענומען דעם מוט און דעם חשק צו לעבן.

אין דער אַלטער היים איז דער ייד געווען אַ פּראָסטער גוטשבת, אַן עמך הייסט עס. פון פאַך אַ צושניידער, האָט ער געהערט צו די פּאָלקיסטן, אויסגעקאָכט געווען מיטן יידישן לעבן, געקהלט זיך. ער האָט געלייענט יידישע צייטונגען, דער עיקר דעם „מאָמענט". און אין אַ פרייטיק־נומער פון „מאָמענט" איז געווען וואָס צו לייענען. ער געדענקט נאָך איטשעלעס פּאָליטישע בריוו, דעם קרומען שפּיגל. די צייטן פון אַמאָל — האָט אים דער ייד געזאָגט — זענען אויף אייביק אַוועק. דער ייד איז אַוועק פון די דאָזיקע צייטן נאָך איידער אפילו די דאָזיקע צייטן זענען אַוועק... אין אויסטראַליע האָט ער דורכגעמאַכט אַ גיכן איבערשיכטונג־פּראָצעס. ער האָט זיך איבערגעשיכט נישט נאָר עקאָנאָמיש, אַרויפגעאַרבעט זיך און געוואָרן אַ גרויסער גביר, ער האָט זיך אויך איבערגעשיכט גייסטיק, געוואָרן הייסט עס גאָר אַן אַנדערער מענטש, מיט אַן אַנדער נאָמען, מיט אַ גאַנץ אַנדערער מענטאַליטעט און לעבנס־איינשטעלונג. אַמאָל האָט ער געהייסן פּראָסט און פּשוט הערשל זייד, איז היינט דערפון געוואָרן — הערי סילק. הערשל זייד — האָט ער אים ברוטאַל געזאָגט — איז געשטאָרבן. געשטאָרבן, באַגראָבן און פּטור אַן עסק. ער האָט הערשלען אַליין מקבר געווען און עס איז קאַפּויער געקומען אַ שפּאָגל נייע געשטאַלט, וועלכע דער ייד אַליין דערקענט אָפּט מאָל נישט. עס איז אויפגעקומען אַ געשטאַלט, וואָס טראָגט דעם נאָמען — מיסטער הערי סילק, אַן אייגנטימער פון צוויי אויטאָס און אַ פעטע באַנק־קאָנטע, אַ חוץ „קליין־געלט"...

די קינדער? אויסגעגעבן זיי, דאַנקען גאָט אין נחת און אין פרייד, הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן: דער זון האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע, די טאָכטער — מיט אַ שייגעץ, זייער וואוילע קינדער, עכטע אויסטראַליער.

מיסטער הערי סילק איז חלילה נישט אָפּגעשטאַנען פון יידיש־

קייט. ער איז אַ מיטגליד פון פאַרשידענע יידישע חברות. ער צאָלט די פּאָר שילינג אין דער „קדימה", כאָטש ער קומט אַהין נישט אַזוי אָפט. „קדימה" איז אייגנטלעך אַ זאַך פאַר „גרינע", אַז זיי וועלן זיך אויסגרינען, וועלן זיי אויך אַהין נישט קומען אַזוי אָפט... ער צאָלט פאַר דער יידישער שול — פאַר אַלע מינים שולן, פאַר די תלמוד־תורות — אויך אַן ענין פאַר „גרינע". זאָלן זיך נאָר די טאַטעס אַ ביסל אַרויפאַרבעטן, וועלן זיי שוין וויסן וואוהין צו שיקן די קינדער לערנען. ער קריגט אַריין די יידישע צייטונגען וואָס דערשיינען אין מעלבורן — מער ווי די גראַטולאַציעס און להבדיל די נעקראָלאָגן לייענט ער נישט. וואָס נאָך האָט ער דאָרט צו זוכן? אַ ייד, אַ מוכר ספרים, אַ בטלן וואָס האָט שוין נישט געפונען קיין בעסערע סחורה מיט וואָס צו „האָקן", ברענגט אים פון צייט צו צייט אַריין אַ יידיש בוך — קויפט ער עס. שטייען די פּאָר ביכלעך אין געהאַקטע צרות אויף דער פּאָליצע. קיינער נעמט זיי נישט אין דער האַנט אַריין. ער איז אַ מיטגליד פון דער בית־יעקב־שול, אָבער אַ חוץ יום־כיפּור צו כל־נדרי זעט מען אים דאָרט נישט. ער איז נישט קיין ציוניסט, אויסטראַליע איז אויך נישט קיין שלעכטע מדינה, אָבער ער גיט אויף אַלע קרנס. ער זאָגט נישט אָפּ, דער ייד, קיינעם זאָגט ער נישט אָפּ. די פּאָר גראָשן שפּילן ביי אים נישט קיין ראָלע.

— איר פאַרשטייט — האָט צו מיר געזאָגט דער יונגערמאַן. — די פּאָר גראָשן פאַר יידישע צוועקן קאָן מען נאָך ביי אים אַרויסקריגן. אַ שטיקל האַרץ — דאָס נישט. דאָס האַרץ איז שוין, ווי מען זאָגט דאָ, פאַריאָקעוועט געוואָרן.

און טאַקע: אָן שום שפּור פון האַרצווייטיק האָט מיסטער סילק געמאַכט זיינע אויספירן: מען דאַרף בכלל די אַלע זאַכן אויף טויזנט שאָק כפּרות. דאָ איז נישט פּוילן און מען דאַרף זיך נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, בפרט אַז די אַלע זאַכן וועלן זיך דאָ נישט אָננעמען — האָט ער טרוקן אָפּגעפּסקנט — אָן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. מען דאַרף זיך וואָס גיכער אויסגרינען און ווערן מיט לייטן גלייך...

— איר ווייסט שוין וואו די „רייסעס" קומען פאָר? אַ דזשין קאָנט איר שפּילן? טאָמער האָט איר אַ ביסל אַ ברייטערן האַריזאָנט

(האָריזאָנט...) און אַ פּאָר פרייע שילינג אין קעשענע — כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אין אַ „פּיקטשע". שוין, דעטס אָל, וואָס נאָך דאַרף מען?

מיר זענען ביידע געזעסן אַ לענגערע ווײַלע און געשוויגן. איך האָב אָבסערווירט דעם יונגנמאַן. ער האָט עפּעס נאָכגעטראַכט. געווען קענטיק אַז מיט די רעיונות איז ער איצט זייער ווייט ערגעץ, גאָר ווייט פון אויסטראַליע... ענדלעך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— דאָס וואָס אַזאַ איינער ווי איך האָב איבערגעלעבט, קענט איר זיך נישט פאָרשטעלן. קיינער וואָס איז דאָרטן נישט געווען, קאָן זיך עס נישט פאָרשטעלן. ווי אַזוי אַזאַ איינער ווי איך האָט איבערגעהאַלטן און אַרויס אַ לעבעדיקער — ווייס איך אַליין אויך נישט. איך בין דאָך ממש אַרויס פון קאַלך־אויוון. און אין סכנות נפשות, ווען מיר איז געווען אַ מינוט צום טויט, האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, צו האָפן, אַז איך וועל אַרויס, איך וועל דערלעבן, וועל איך קאָנען אָנהייבן דאָס לעבן אויפסניי. טאַקע אונדזער לעבן, דאָס יידישע לעבן. וואָרים וואָסער זין האָט אַן אַנדערס? וואָסער זין וואָלט געקענט האָבן דאָס וואָס איך בין לעבן געבליבן? איך האָב געוואוסט אַז דאָ איז אַ קליין יידיש לעבן. נאָך איידער איך בין אַהער געקומען האָב איך עס גע־וואוסט. אָבער איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס וועלן זיך געפינען יידן, וואָס וועלן דאָס דאָזיקע לעבן נאָך קלענער מאַכן, נאָך מער עס איינשרומפּן און מיאוס מאַכן מיט עצות, ווי אַזוי צו באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט און זיך „מחיה מתים" צו זיין כדי קאָפּויערצוקומען אין אַן אַנדער געשטאַלט, אָט אַזאַ ווי עס איז אַזאַ מיסטער סילק: שנעל, גיך אויסטוישן דעם טאַטנס נאָמען אויף עפּעס אַ שמו וואָס זאָל קלינגען וואָס ענגלישער, לויטער שקאָטיש, אויסשניידן זיך די צונג און פאַרגעסן דער מאַמעס לשון, אַרויסרייסן פון זיך דאָס האַרץ, אַוועקוואַרפן אין מיסט אַריין אַלץ וואָס איז געווען פריער און אָנהויבן דאָס „אמתע", דאָס „עכטע לעבן", לויט די עצות און רעצעפּטן פון אַזאַ מיסטער סילק. פּרוּווט און זאָגט אַזאַ איינעם, אַז איך קען נישט, אַז איך וויל נישט, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל נישט קענען און וועלן — פאַרשטייט

ער נישט, דער מיסטער סילק. עס קריכט אים נישט אין קאָפּ אריין. זיי פאַרשטייען אונדז בכלל נישט, אָט די סילקס. און זיי וועלן אונדז שוין נישט פאַרשטיין. אָבער מיר, איך און אַזאַ ייד ווי איר, מיר פאַרשטייען זיך, ס'וואָר?

א שאלה צי איך פאַרשטיי אים...

# „המשך קומט"

## הומאָרעסקע פֿון װאַרשעװער יידישן לעבן פֿון פֿאַר דער מלחמה

מיטאָג־צייט, אַז דער טומל אין די האַליעס, פֿאַרן אייזערנעם טויער, איז אַריבער, די לעצטע קונים זענען אַװעק, האָט שׂרה די גענדזלערקע, אַ פֿעטע יידענע אין אַ בלוי פֿאַרטוך מיט גרויסע, געשװאָלענע קעשענעס פֿון ביידע זייטן, אָפּגעװאַשן די פֿאַרבלוטיקטע הענט, אָפּגעװישט זיי אינם פֿאַרטוך און פֿון אַ שופֿלאָד אַרויסגעצויגן די בלאַט־צייטונג. זי האָט זיך ברייטלעך אַװעקגעזעצט אויפֿן בענקל הינטערן סטראַגאַן, צעעפֿנט די צייטונג און מיט פֿייערלעכקייט זיך פֿאַרנומען צו לייענען דאָס קאַפּיטל פֿון שפּאַנענדיקן ראָמאַן.

— שׂרהשי, הארצעדיקע, װאַרטס אַ רגלע! יאַך װיל אויך הערן, װאָס עס איז דאָרט װייטער געשען מיט רחלען.

דאָס האָט פֿייגע די גרינס־הענדלערקע, אַ קליין, מאָגער און רירעװדיק װייבעלע, אַריבערגעשריגן פֿון דער צװייטער זייט סטראַגאַן, אָפּפֿאַרטיקנדיק אויף גיך עפּעס אַ גראָשענעם קונה, װאָס האָט פֿאַר־בלאָנדזשעט אין די האַליעס נאָך אַ ביסל ירקות.

— שוין, שוין, איך גיי שוין אויך צו! — האָט די פֿישערקע, אַ הויכע און פֿעסט געבויטע יידענע מיט אַ פֿאַרכריפּעט און צעלאָזן קול זיך געלאָזט הערן פֿון דער װייטנס, איילנדיק מיט גיכע זעלנערישע טריט צום גענדזלערישן סטראַגאַן.

די צװיי װייבער האָבן זיך צעזעצט אַרום שׂרהן און מיט נייגיר געשלונגגען יעדעס װאָרט.

שוין עטלעכע חדשים אַזוי, טאָג ביי טאָג, לייענט שׂרה די גענדזלערקע דעם ראָמאַן הויך, אויפֿן קול, זי לייענט פּאַמעלעך און מיט אַ ניגון און די װייבער אַרום איר הערן, שאָקלען צו מיט די קעפּ, פֿאַרגייען אין הנאה, אָדער קרעכצן און זיפֿצן אונטער און שיטן מיט טויטע קללות.

ס'איז אַ ראָמאַן װעגן אַ יידיש מיידל, רחלע, אַ קיילעכדיקע

יתומה נעבעך, אַ שיינע, אַ געראָטענע ווי אסתר המלכה. עס ווערן דאָרט באַשריבן אַלע צרות און לײַדן וואָס רחלע האָט געהאַט אויסצושטיין אין איר עלנטן לעבנס־וועג. שטאַמען שטאַמט זי פֿון אַ קליין שטעטל. געקומען אין דער גרויסער שטאָט זוכן אַרבעט. דאָ אינם הו־הא פֿון גרויס־שטאָטישן לעבן, האָט זי אויסצושטיין כּלערליי נסיונות. זי לײַדט נויט, הונגערט און האָט נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. עס לויערן אויף איר פֿאַרשידענע געפֿאַרן, וועלכע זי איז גובר און זי דערשלאָגט זיך ענדלעך צו אַ שטיקל שטעלע.

דער ראָמאַן וואָלט קיין ראָמאַן נישט געווען, און די ווייבער פֿון די האָליעס וואָלטן די בלאַט־צײַטונג אין דער האַנט אַריין נישט גענומען, ווען אין דעם עסק וואָלט זיך נישט פֿאַרוויקלט אַ פֿלאַם־פֿייערדיקע ליבע מיט אַלע פּלאָנטערס און אינטריגעס וואָס זענען נויטיק, כּדי צו פֿאַראינטערעסירן און שפּאַנען דעם לייענער.

האָט זיך טאַקע אין רחלען פֿאַרליבט אַ יונגערמאַן מיט אַדאָלף מאַנזשו־וואָנסעלעך. דער מחבר האָט דעם דאָזיקן יונגנמאַן אַ נאָמען געגעבן — מאַקס. אָט דער מאַקס איז אַ קאַוואַליר מיט שיק, אַ טענצער — איינער אין דער וועלט; אַז ער קנאַקט אָפּ אַ רומבאַ איז דאָ עפּעס צו זען, מיידן קריגן די ערשטע נכפּה פֿאַר אים, עסן אים אויף מיט די אויגן. מאַקס איז עלעגאַנט, אַ דזשענטלמאַן: זומער — אין גרויע פֿלאַנעל־הויזן מיט אַ גראַנאַט מאַרינאַרקע, מיט אַ באַמבוס־שטעקן און הענטשקעלעך פֿון כּמו חזיר־לעדער. ער איז תּמיד גלאַט פֿאַרקעמט, מיט אַ שאַרפֿן שרינט אויף דער לינקער זײַט פֿון קאָפּ. ווינטער־צײַט זעט מען אים נישט אַנדערש ווי אין אַ מעלאָניק. און געלט האָט ער תּמיד בריווח, און רעדן רעדט ער אַזוי איידל, אַזוי דעליקאַט און מיט אַזאַ קלוג, ממזריש שמייכעלע, אַז עס צענעמט די ביינער ווען מען קוקט אים אָן. איז אַ חידוש דער גרויסער דערפֿאָלג זײַנער ביי פֿרויען?

רחלע קען אים שוין עטלעכע חדשים. זי האָט זיך מיט אים באַקענט אויף אַ דאַנסינג. זי גייט אָפֿט מיט אים אין טעאַטער, צי אין קינאָ און שפּעטער — אין רעסטאָראַן אויף אָוונט־ברויט, און נאָר נישט זעלטן — פֿון רעסטאָראַן אין אַ נאַכט־לאָקאַל, וואו מען פֿאַרברענגט ביז פֿאַרטאָג.

אָבער רחלע ווייס נישט דאָס, וואָס עס ווייסן די ווייבער

פון די האַליעס. וואָרים רחלע לייענט נישט דעם ראָמאַן, וואָס דרוקט זיך אין דער בלאַט־צייטונג. רחלע ווייס וועגן מאַקסן, אַז ער איז אַ מלאך אין מענטשן־געשטאַלט, נישטאָ קיין צווייטער צו אים, ווען מען זאָל אויספּאָרן די גאַנצע וועלט. און זי האָט אים טאַקע ליב מיט אַלע פיבערן פון איר נשמה. אין שלאָף לעבט זי איבער די זיסטע חלומות וועגן איר מאַקסן און אויף דער וואַך פיבערט זי אין געדאַנק וועגן יענער שעה, ווען זי וועט שוין ענדלעך אין גאַנצן געהערן צו אים, צו איר מאַקסן.

דערפאַר אָבער ווייסן די ווייבער פון די האַליעס, אַז אַט דער מאַקס איז נישט מער ווי אַן אויסוואורף, אַ טיגער אין מענטשן־געשטאַלט, אַז נאָך אַזאַ פאַרפירער און באַטריגער איז גאָר נישט פאַראַן, ווען מען זאָל אויספּאָרן די גאַנצע וועלט. און זיי, די ווייבער פון די האַליעס, האָבן אים דערפאַר טאַקע פיינט מיט אַלע פיבערן פון זייער נשמה. אין שלאָף לעבן זיי איבער די שווערסטע, די ביטערסטע חלומות וועגן רחלען און אויף דער וואָר פיבערן זיי אין געדאַנק איבער די געפאַרן, וואָס לויערן נעבעך אויף דער אָרעמער רחלען, און זיי וואָלטן מי־יודע־וואָס געגעבן צו דערוויסן זיך רחלעס אַדרעס, כדי אַוועקצוגיין צו איר, אויפֿעפענען אירע פאַרבלענדטע אויגן, דערציילן איר אַלץ וואָס זיי ווייסן, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעלייענט וועגן אָט דעם מטורף, וועגן מאַקסן, און זי וואָרענען, זי זאָל זיך היטן פאַר אים, ווייל אָט דער מאַקס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ דאָן־זשואַן, אַ פּרויען־פאַרפירער און ער מיינט נישט מער ווי אויסצונוצן רחלען פאַר זיינע מאַנסבילשע שמד־שטיק און דערנאָך אַוועקצוואַרפן זי ווי אַן אויסגעקוועטשטע ציטרין.

די לעצטע טעג טוט זיך חושך אין די האַליעס, צווישן די ווייבער. שוין דער דריטער טאָג, אַז מאַקס מיט רחלען פאַרברענגען אויפן דאָרף, אין אַ פּענסיאָנאַט אין אָטוואָצק. אמת, זיי וואוינען אין צוויי באַזונדערע צימערן, אָבער די ווייבער אין די האַליעס לעבן אין איין שרעק. יעדן טאָג כאַפּן זיי די בלאַט־צייטונג, כדי צו לייענען דעם ראָמאַן, כדי צו דערוויסן זיך וואָס עס הערט זיך מיט רחלען. די ווייבער פון די האַליעס ווייסן, זיי האָבן דאָס שוין געלייענט, אַז רחלע איז ווייט נישט פון יענע מיידלעך, וואָס לאָזן זיך לייכט כאַפּן. זי האַלט זיך שטאָל און אייזן, אַז פאַרן „הרי־את"

איז נישטאָ אפילו וואָס צו רעדן וועגן יענע זאַכן... זי האָט אים ליב, זי גייט אויס נאָך אים, אָבער ער מוז האָבן אַ ביסל גערולד און צוואווארטן:

— נאָכן הרי־את, אַלץ, אין גאַנצן...

אָבער מאַקס טרעט נישט אָפּ. שעהן זיצט ער אָפּ ביי איר אין צימער, ער רעדט אין איר אַריין, ער בעט זיך ווי אַ קינד און בייזערט זיך, האָט תרעומות. און תמיד ווען עס דערגייט שוין אין די גרויסע גדולות, רייסט זיך איבער דאָס קאַפּיטל פון ראָמאַן מיטן סוף־פּסוק: „המשך קומט".

און אָט זיצן עס די ווייבער און לייענען דעם המשך: ס'איז אָוונט, אין רחלעס צימער איז פינצטער. זי ליגט אויף דער קאָזעטקע און נעבן איר זיצט מאַקס. מיט אַ הייס־צעגליטן אָטעם פּליסטערט ער איר אין אויער, אין אירע פון תאווה אָנגעדראָלענע ליפּן, אָפּגעריסענע ווערטער, שיכורט ער זי מיט ווערטער פול מיט ליידנשאַפט און באַגער, ווערטער וואָס קאָכן אויף דאָס בלוט, צעברויזן און שלעפערן איין. רחלע ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, דער קאָפּ מיט מתיקות פאַרוואָרפן ווי אין דרעמל, זי הערט שוין נאָרנישט מאַקסנס רייד, זי פילט בלויז זיין הייסן אָטעם און — המשך קומט...

— אוי, אַ בייז אומגליק זאָל אים טרעפן! — האָט טעסע די פישערקע זיך אויפגעריסן פון אָרט — דער קעלבאַס וועט דאָך נאָך אָפּטאָן מיט דעם קינד ווער ווייסט וואָס! ער יועט זי דאָך מאַכן אומגליקלעך!

— אַ וויי טיק צו מיר! ער גייט זי דאָך פאַרפירן — האָט פייגע די גרינס־הענדלערקע מיט די הענט זיך געריבן דאָס פּנים פון כעס — ער קען איר נאָך עפּעס שלעכטס טאָן! קרויינינקע, וואָס טוט מען כדי אַרויסצורייסן דאָס קינד פון זיינע טייוולאָנישע נעגל? מ'זעט דאָך, וואָס ער וויל מיט איר טאָן.

— אַן עלנטער שטיין נעבעך — האָט שרה די נענדזלערקע זיך צעכליפּעט און גענומען ווישן די נאָז מיט בלויען פאַרטוך — האָט נישט קיינעם ווער עס זאָל זיך פאַר איר אָננעמען.

— מענטשן! יידן בני רחמנים! — האָט זיך פייגע צעשריגן — וואָס־זשע זיצן מיר מיט פאַרלייגטע הענט, וואָס־זשע טוט מען נישט? יעדע רגע איז דאָך טייער, מ'דאַרף זען עפּעס צו טאָן,

מ׳טאָר דאָך נישט דערלאָזן צו אַזאַ זאַך.

— ווי איז מיר — האָט שרה געביטערט — גאָט דער לעבעדיקער ווייס, צי עס איז שוין נישט נאָך אַלעמען... אויף שטיקער וואָלט יאַך אים צעריסן, אַזאַ גזלן, אַזאַ רוצח.

— הערטס, ווייבער, וואָס יאַך על ענק זאָגן — האָט זיך טעסע פּלוצלונג אָפּגערופן — לאָמיר גיין צו דער רעדאַקציע, דאָרט וואו מען מאַכט דאָס בלאַט, לאָמיר אַריינגיין צום רעדאַקטאָר אליין און מיט אים איבעררעדן, מ׳זאָל עפּעס זען צו טאָן, כדי דאָס קינד אָפּצוראַטעווען נאָך כשרעהייט. לאָמיר נישט צעגערן קיין איין מינוט, קיין איין רגע נישט וואַרטן, לאָמיר שוין גיין, וואָרים די צייט איז קורץ...

דער פּלאַן איז נעפעלן געוואָרן און די דריי ווייבער פון די האַליעס זענען אַוועק אין דער רעדאַקציע פון דער בלאַט־צייטונג, וואו עס שרייבט זיך דער ראָמאַן וועגן רחלען מיט מאַקסן.

די פירשפּרעכערקע איז געווען טאַקע טעמע די פישערקע.

— מ׳קאָן זען דעם רעדאַקטאָר? — האָט זי אייליק אַ פרעג געטאָן, ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל פון דער רעדאַקציע.

— וואָס הייסט, צי מ׳קאָן? — האָט פיינע זיך אַ רוק געטאָן פאָראויס — מען מוז!

— וואָס דאַרפט איר דעם רעדאַקטאָר? — האָט עמיצער ביי דער טיר איבערגעפרעגט.

— מיר האָבן צו אים אַ נייטיק געשעפט — האָט זיך שרה אָפּגערופן — מ׳דאַרף ראַטעווען אַ יידיש קינד פון אַן אומגליק.

אין אַ חדר מיוחד, ביי אַ טיש מיט אָנגעוואָרפענע צייטונגען און כתב־ידן, איז געזעסן דער רעדאַקטאָר און עפּעס געשריבן. ער האָט תחילת זיך נישט אומגעקוקט אויף די ווייבער וואָס זענען אַריין אין צימער. די ווייבער זענען געשטאַנען פאַרשטומטע, מיט דרך־ארץ געשטאַנען ביי דער טיר און געשוויגן.

ענדלעך האָט דער רעדאַקטאָר אויפגעהויבן דעם קאָפּ, פאַרבוינן אים אַ ביסל אויף אַ זייט און דורך די ברילן, אויבן אַרום, אַ ביטולדיקן בליק געוואָרפן צו די ווייבער:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— מיר זענען געקומען צו אייך, הער רעדאַקטאָר, — האָט זיך שרה אָפּגערופן און פאַמעלעכקע געשאַרט זיך נענטער צום

רעדאַקטאָרס טיש, — מיר ווילן זי זאָלן ראַטעווען אַ יידישע טאָכ־טער פון אַן אומגליק. אינץ זענען מאָ ווייבער פון די האַליעס, פּראָסטע מענטשן זענען מאָ, מיר האַלטן אייער בלאַט, קויפן עס אַלע טאָג און מיר קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין עוולות, מיר קענען נישט דערלאָזן דערצו, אַז אַ יידישע טאָכטער, אַן אָרנטלעך קינד און אַ קיילעכדיקע יתומה דערצו זאָל אַן עוולה נעשען.

— נאָר זי קענען אונדז דאָ העלפן, דורך אינס בלאַט קענען זי מאַכן אַלצדינג, — האָט פייגע אונטערגעכאַפּט, — יענע וואָך האָט דער באַלעבאָס פון אונדזער הויז געלאָזט אַרויסוואַרפן פון דער דירה אַן אָרעמען שוסטער.

— אַ דירה? אַ קבורה! — האָט טעמע איבערגעריסן — אַ פינצטערער, נאַסער גרוב, אַ קעלער, אַן אָרעמער שוסטער, אַ לאַ־טוטניק מיט זעקס פּיצלעך שוואַלבן, קינדער, אָרעמע שוואַלבן נעבעך.

— איז געקומען ענקערס אַ מענטש פון דער רעדאַקציע — האָט פייגע ווייטער גערעדט — אַריינגעשטעלט די גאַנצע מעשה אין בלאַט אַריין, אַז עס האָט זיך געטאָן חושך, מען האָט דעם באַלעבאָס געוואָלט ממית זיין, צערייסן אויף שטיקער אָט דעם טרעלבאָך. אַ וואָך צייט האָט ער זיך נישט געקענט ווייזן אויף דער גאַס, מורא געהאַט די נאָז אַרויסצושטעקן. און ס׳האָט געהאָלפן! דער שוסטער וואוינט צוריק אין זיין דירה.

— אַ קעגן וואָס איז דאָס צורייד געקומען? יאָ, — האָט שרה פאָרגעזעצט, — יאָ, אַקעגן רחלען, רחלע איז אַ טייער קינד, אַ צניעותדיק מיידל, אַן אָרנטלעכע, הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן, און עס טאָר איר נישט געשען קיין שום שלעכטס.

— קיין האָר פון קאָפּ טאָר איר נישט געמינערט ווערן — האָט טעמע צוגעגעבן פייער.

— וואָסער רחלען? — האָט דער רעדאַקטאָר נערוועז אַ פרעג געטאָן, — וועגן וועמען רעדט איר?

— זי ווייסן גאַנץ גוט, הער רעדאַקטאָר, וועגן וועמען מען רעדט. עס שרייבט זיך דאָך וועגן איר אין אייער בלאַט!

— הערן זי, — איז שוין פייגע אַרויס פון די כלים, — וואָס דאַרף מען דאָ אַ סך צו רעדן, רחלע נעפינט זיך איצט אין אַן אָטוואָצקער פּענסיאָנאַט. ס׳ליגט דאָרטן טאָג און נאַכט דער יונג, דער שיקסע־קריכער מאַקסעלע, דער אָ מיט די פראַנטישע וואָנסעלעך.

אין־לי, נאָר ער וויל דאָס קינד פאַרפירן און זי קענען דערצו נישט דערלאָזן, נאָר זי אַליין, זי הערן? מאָרגן אין דער פרי קויפן מאָ דאָס בלאַט און טאָמער וועט חלילה רחלען געשען עפּעס שלעכטס איבער דער נאַכט, וועלן מיער ביי איהן אַלע שויבן אויסהאַקן אין אייער רעדאַקציע, מ׳עט אייך דאָ אַלץ צעטראָגן, אַז עס וועט קיין סימן נישט בלייבן נישט פון אייך און נישט פון אייער גאַנצער רעדאַקציע. דאָס קינד מוז ארויסגעראַטעוועט ווערן כל זמן עס איז נאָך צייט, זי הערן?

דער רעדאַקטאָר האָט זיך צעלאַכט:

— ווייבער, וועגן וואָס רעדט איר? ס׳איז דאָך אַן אויסגע־טראַכטע מעשה, אַ ראָמאַן אזאַ.

— ראָמאַן, שמאַן, זאָל זיין אויסגעטראַכט... רחלע איז אַן איידל קינד און עס טאָר איר גאָרנישט געשען, זי הערן?

און די ווייבער זענען אַוועק.

צומאָרגנס איז אין דער בלאַט־צייטונג געווען געדרוקט דער המשך פון ראָמאַן. אין דער לעצטער מינוט, אָבער טאַקע אין דער סאַמע לעצטער, ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביי סכנות נפשות, האָט זיך רחלע אויפגעכאַפּט פון איר לעטארגישן שלאָף, דערזען וואָס מאַקס וויל מיט איר טאָן און זי איז אויפגעשפּרונגען:

— אהאַ! איך זע וואָס דו ווילסט, איך פאַרשטיי שוין וואָס דו מיינסט, אַרוים פון מיין שטוב, באַטריגער, טיגער אין מענטשן־געשטאַלט! האָסט מיך געוואָלט אויסנוצן, נעמען מעך מיט זיסע ריידעלעך, מיך אין מיין ערע באַטריגן, אַלע מענער זענען אַזעלכענע אויסנוצער. רחלע איז אַן עלנטע יתומה, אָבער זי פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן.

און אַז מאַקס איז אַרוים פון רחלעס שטוב, האָט זיך רחלע אַוועקגעלייגט אויף איר געלעגער, זיך צעוויינט אין קישן אריין און — „המשך קומט“...

די ווייבער אין די האַליעס האָבן געהאַט אַ גוטן טאָג, זיי האָבן מיטגעוויינט מיט רחלען, פילנדיק איר צער און עלנט. דער עיקר האָבן זיי געוויינט פון פרייד, וואָס אַ כשרע יידישע טאָכטער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון חרפה און שאַנד און — אַז דאָס איז געשען אַ דאַנק זייער מי, דער מי פון די ווייבער אין די האַליעס.

# די סטערדינער בּיקור חולים

## (אַ מעשה לכבוד פּורים)

האָט איר אַמאָל געהערט וועגן די ביקור חולים פון סטערדין? נישט געהערט? אַ חידוש. וואָרים וויסן מוזט איר, אַז די סטערדינער ביקור חולים האָבן געהאַט אַ שם. און דער שם אירער איז געווען אַ פּאַרדינטער. איך וויל אייך טאַקע וועגן דעם דערציילן אַ מעשה.

צו די סטערדינער ביקור חולים האָבן געהערט די בכבודיקסטע באַלעבאַטים פון שטעטל. שוין דער נאָמען אַליין פון דער חברה זאָגט אַ סך וואָס די חברה האָט אויפגעטאָן. זי האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אָרעמע קראַנקע יידן זאָלן געהיילט ווערן, קריגן דאָקטוירים, רפואות, מילך און פרוכט. אַ מטמון האָט מען אויסגעגעבן דערויף, אַ חוץ האַרץ וואָס מען קען גאָר פאַר געלט נישט קריגן צו קויפן. אָרעמע יידן, קראַנקע, זענען נישט געווען הפקר, מען האָט פאַר זיי געזאָרגט.

ווי געזאָגט, האַרץ קריגט מען נישט פאַר קיין געלט. און האַרץ האָט די סטערדינער ביקור חולים געהאַט אַ סך. אָבער אויף דאָקטוירים און רפואות, אויף מילך און פרוכט האָט מען געדאַרפט דווקא געלט. מיט בלויז האַרץ האָט מען דאָ גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. דאָס דאָזיקע געלט האָט מען געמוזט שאַפן און די ביקור חולים האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס געלט זאָל זיין.

געהאַט האָט די ביקור חולים אַן אייגענע שול, וואו מען האָט געדאַוונט און דאָס גאַנצע געלט, וואָס איז אַריינגעפאַלן ימים נוראים פאַר שטעט און אַ גאַנץ יאָר פאַר נדרים, איז געגאַנגען פאַר קראַנקע. אָבער דאָס איז געווען ווייניק. כמעט ניין צענטל פון גאַנצן געלט, וואָס מען האָט געדאַרפט אַ יאָר, איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין איין טאָג און דער דאָזיקער טאָג איז געווען פּורים.

פּורים איז אַ יום־טוב נישט בלויז פון פרייד, נאָר אויך פון צדקה, פון מתנות לאביונים. אין דעם דאָזיקן טאָג פלעגט טאַקע

די ביקור חולים פון סטערדין אויסנוצן לטובת זייער חברה.

אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן און ליטע איז נעווען א לאנגאָניקער מנהג, אז פורים פלעגן פארשטעלטע ארומגיין איבער די יום־טובדיקע יידישע הייזער און זיי משמח זיין מיט כלערליי שפילן און געזאנג. פאר קינדער — א פרייד און פאר גרויסע — א פארוויילונג. אין יעדן הויז פלעגט מען די פארשטעלטע מכבד זיין מיט גוטע זאכן און נאָך צוגעבן א ביסל געלט און צוואווינטשן צו דערלעבן איבער א יאָר אין פריידן און ווייטער צו קומען משמח זיין יידישע הייזער.

אזוי האָט זיך עס געפירט אומעטום און אזוי איז עס אויך געווען אין סטערדין. די ביקור חולים פון סטערדין איז נישט ארומגעגאנגען איבער יידישע הייזער גלאט, סתם אזוי קלייבן נדבות, נאָר זיי פלעגן זיך פארשטעלן און ארומגיין איבערן שטעטל ווי פורים־שפילער. און טאקע צוליב דעם האָבן זיי געהאט אזא שם אין דער גאנצער געגנט. גרויסע בערדיקע יידן, באלעבאטים, טאטעס פון קינדער, האָבן אין פורימדיקן טאָג פארלאָזט דעם אייגענעם יום־טובדיקן טיש און אָפּגעגעבן דעם גאנצן טאָג לטובת הכלל. אין די צענדליקער זענען זיי געווען, אין מחנות האָבן זיי זיך פארטיילט, כדי ארומצונעמען דאָס גאנצע שטעטל, כדי קיינעם נישט אויסצור־מיידן, אלע צו באזוכן. אלע פון דער חברה זענען געווען פאר־שטעלט, מיט מאסקעס אויף די פנימער, מאסקעס געפלאָכטענע פון דראָט אזוי, אז מען האָט קיינעם נישט געקאָנט דערקענען, אין פארביקע קליידער אָנגעטאָן, מיט הויזן בלויע און רויטע ליאמפאסן אזוי ווי די קאָזאקן, מיט שליפעס אויף די אקסלען מיט א מגן־דוד און אן אויפשריפט: ביקור חולים, און מיט לעדערנע קאנטשיקעס אין די הענט. מאנכע זענען געריטן אויף פערד, ווי אויסרייטערס, און אנדערע זענען נאָכגעגאנגען מיט הארמאָניעס, פייפלעך, פויקן און טרומייטערס און געשפילט און געטאנצט איבער די גאסן, אזוי ווי די קאָזאקן. אָבער יידישע קינדער האָבן פאר זיי נישט קיין מורא געהאט ווי פאר די קאָזאקן. די דאָזיקע „קאָזאקן" זענען געווען גוט און פריינטלעך צו די קינדער פון שטעטל, זיי געטראָגן אויף די הענט, אויף די פערד געהאלטן און מיט זיי געריטן. און אומעטום וואו די פארשטעלטע חברה ביקור חולים איז געקומען, אויף יעדער גאס, אין יעדן הויז, האָבן זיי מיטגעבראכט מיט זיך

פורימדיקע הייטערקייט און פרייד. אומעטום ווו זיי זענען געקומען, האָט מען זיי אויפגענומען מיט שמחה. די פאַרשטעלטע האָבן געשפּילט און געטאַנצט און די באַלעבאַטים פון הויז האָבן דערנאָך געגעבן די שיינע נדבה. דער קאַסירער פון דער חברה האָט דעם באַלעבאָס אַרויסגעגעבן אַ קבלה אויפן דערהאַלטענעם געלט און צוגעוואונטשן: דערלעבט איבער אַ יאָר אין נחת און אין פרייד און גאָט זאָל אייך העלפן, אַז איר זאָלט דעמאָלט קאָנען געבן כפל כפלים.

אַזוי זענען די פאַרשטעלטע „קאָזאַקן״ געגאַנגען דעם גאַנצן טאָג איבער יידישע הייזער זאַמלען געלט פאַר אָרעמע קראַנקע. עס האָט קיינער נישט אָפּגעזאָגט. יעדער האָט געגעבן, אַנטקעגנגעטראָגן דאָס געלט, וויפיל איינער האָט געקאָנט, מיט שמחה, מיט אַ ברכה אויף די ליפּן.

איין אויסנאַם איז געווען.

אין שטעטל האָט געלעבט אַ ייד אַ גביר, אַן עושר, אָבער זייער אַ קאַרגער. ר׳ אשר האָט ער געהייסן. און אַזוי ווי ער איז געווען אי רייך, אי קאַרג, האָט מען אים אַ צונאָמען געגעבן — קורח. פאַר קורחס אַ גראָשן האָט אַ ייד געקאָנט די נשמה אויס־שפּייען. אַלע צדקה־חברות האָבן שוין פון לאַנג מוותר געווען אויף אים. נישט געקומען צו אים מער בעטן קיין געלט, ווייל ער פלעגט אָפּזאָגן.

— ווערט ער איינגעזונקען ווי קורח מיט זיין גאַנץ פאַרמעגן. עס שאַדט נישט, דאָס וואָס ער איז שולדיק קהל, וועט ער סוף כל סוף אָפּצאָלן נאָכן טויט, ביי דער קרקע.

אויך די סטערדינער ביקור חולים האָט אים זינט יאָרן אויס־געמיטן. דאָס מאָל איז אָבער אויף אַן אסיפה באַשלאָסן געוואָרן אויך צו אים אין הויז אריין צו קומען.

נעוואוינט האָט קורח אין אַ הויז אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּלויט, פאַרצויגן מיט שטעכיקן דראָט. צוויי בייזע הינט האָבן זיך אין הויף אַרומגעדרייט בייטאָג און ביינאַכט. קינדער האָבן גע־וויכט דאָס אָרט וואו דאָס הויז איז געשטאַנען, אַן אימה געווען פאַרבייצוגיין אפילו, וואָרים ביים מינדעסטן שאָרך האָבן די הינט, ווי אָפּגעריסענע פון דער קייט, משוגע אַרומגעווילדעוועט לענגאויס דעם פּלויט מיט אַ געבילערייי און אַ צאָרן, גרייט צום צערייסן יעדן

איינעם וואָס וועט נאָר קומען אין זייערע לאַפּעס אַריין.

פאַר זיך איז קורח נישט קאַרג געווען. ער האָט זיך געלעבט גאַנץ שיין. ווער עסט קאַרפּ אין דער וואָכן? — קורח. ווער באַקט חלות אין דער וואָכן? — קורח. ווער קויפט אויס די שענסטע הינער, די גענדז און די אינדיקעס? — קורח.

די שבתים און די יום־טובים זענען ביי קורחן נאָך אָנזעעוודי־קער און בריווחדיקער. וואָס מען וואַרפט ביי קורחן אַרויס פאַר די הינט נאָך יעדן מאָלצייט, וואָלט גענוג געווען פאַר אַ גאַנצער יידישער משפחה אויף אַ גאַנצער וואָך.

זייער רייך איז דער טיש ביי קורחן טאַקע אין פּורים. דער טיש איז צעשטעלט אויף אַלע פליגלען און אָנגעשטעלט מיט כל־טוב: שטרודלען, פאַרשידענע מינים קוכענעס און קיכלעך, המן־טאַשן און דערצו — אַלערליי געטראַנקען, קאָניאַקן און די טייערסטע ווייגען; אַלערליי פרוכטן געבראַכטע פון די ווייטסטע וואַרעמע לענדער. אַחוץ היינט — די פישן און פליישן: פיש אין זיסן און פיש אין זויערן, געפילטע פיש און נישט געפילטע, געבראָטענע גענדז, אינדיקעס, געשטאָפּטע מעגן, קרעפּלעך צו דער יויך און גאַנצע דריי קאָמפּאָטן: עפּל, שיפּטאַלן און אַנאַנאַס. דאָס אַלץ איז צוגעגרייט בלויז פאַר קורחן און זיין בני־בית. קיינער אַ חוץ קורחן און זיין משפחה איז דערפון נישט נהנה. אפילו שלח־מנות שיקט ער נישט צו קיינעם.

אין יענעם פּורימדיקן טאָג איז קורח מיט זיין בני־בית געזעסן ביים טיש פון מיטן טאָג און געגעסן און געטרונקען. אָפּגערוט זיך אַ ביסל פון איין מאָלצייט, האָט מען זיך וויטער געזעצט צום טיש, ווידער עסן, ווי דער שטייגער איז, דעם גאַנצן טאָג אַזוי.

פאַרנאַכט צו האָט קורח פלוצלונג דערהערט עפּעס אַ רעש אַרום הויז. דער רעש איז וואָס אַמאָל צוגעקומען נעענטער. דער־הערט מוזיק האָט ער פאַרשטאַנען, אַז חברה ביקור חולים געפינט זיך נישט ווייט. דאָס הויז איז געווען באַוואָרנט פון אַלע זייטן. און כאָטש קורח האָט גוט געוואוסט, אַז צו אים קומט סיי ווי קיינער נישט און אַז אויך די ביקור חולים מיידט אים אויס זינט יאָרן, האָט ער דאָך געפרעגט, צי אַלץ אַרום הויז איז באַוואָרנט אַזוי, אַז מען זאָל נישט קאָנען אַריינקומען.

אַלץ איז טאַקע געווען באַוואָרנט, אָבער פאַר די ביקור חולים

איז נישט געווען קיין מניעה וועלכע מען זאָל נישט קענען בייקומען, בפרט אַז די אסיפה האָט באַשלאָסן. די רייטער זענען צו צום פּלויט, אַרויפגעשטעלט זיך אויף די פערד און כהרף עין אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט. די הינט האָבן זיך הייזעריק צעבילט און באַלד דערנאָך צעיאָמערט מיט אַ הינטיש געוויין. מיט די לעדערנע קאַנטשיקעס אין די הענט האָבן די ביקור חולים געטריבן פון זיך די צעממיתטע הינט און געמאַכט זיך אַ וועג צום טויער. באַלד איז דאָס טויער געווען אויפגעפּראַלט און די גאַנצע חברה פאַרשטעלטע איז מיט מוזיק און געטאַנץ אַריין אין הויף, אַריין צו קורחן אין שטוב. קורח מיט זיין בני־בית זענען געזעסן ביים טיש איבערראַשט, צעשראָקן און צערייצט.

— גוט־יום־טוב, ר' אשר.

— אַ גוטן פּורים, אַ גוט יאָר — האָבן זיך דערהערט קולות פון אונטער די דראָטענע מאַסקעס אַפער.

די האַרמאָניעס האָבן געשפּילט, די פּייקלעך האָבן געפּייקלט און די פייפלעך געפייפלט — פאַרטויבט צו ווערן. דער עולם האָט געמאַכט אַן הקפה אַרום געדעקטן טיש, מען האָט געטאַנצט, אַז דאָס טופעניש האָט זיך געהערט אין דער צענטער גאַס.

ביים טיש, נעבן קורחן, איז געזעסן איינער פון די פאַרשטעלטע, דער קאַסירער מיטן ביכעלע און שרייבפעדל אין דער האַנט, גרייט צום שרייבן.

— איך גיב נישט! — האָט זיך דערהערט קורחס שטים — איר ווייסט דאָך, אַז איך גיב נישט.

— איר זענט קיין עין־הרע רייך, ר' אשר, — האָט דער קאַסירער פון ביקור חולים איינגעטענהט — יידן אָרעמע זענען קראַנק, דאַרפן רפואות.

— איר וועט ביי מיר גאָר נישט אויספועלן, נישט מיט גוטן און אוודאי נישט מיט בייזן.

עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום רעדן, קורח איז געבליבן פאַרעקשנט.

— יידן צאַן קדושים, עס איז דאָך עפּעס פּורים היינט, מען דאַרף זיך משמח זיין, זייט משמח מורא מורינו ורבינו הגביר ר' אשר, אַ דבר אחר גדול באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט.

מער ווי דאָס האָט חברה נישט געדאַרפט. מען האָט זיך

ערשט אויף רעכט צעטאַנצט, משוגע צעטאַנצט אונטער די קלאַנגען פון דער האַרמאָניע און פּויקן. צוויי פאַרשטעלטע זענען אַרויף אויפן טיש און געטאַנצט פּנים צו פּנים א בוא בשלום, אַז אַלץ וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש האָט זיך איבערגעקערט: עסן, געטראַנקען, געדעק איז מיט אַ רעש אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, געוואַלגערט זיך צווישן די פיס פון די טאַנצנדיקע. עמיץ האָט געכאַפּט אַ פלאַש כרמל־ווײַן און זי אַרײַנגעגאָסן אין פאָרטעפּיאַן און צוגעשריגן: לחיים; אַן אַנדערער האָט זיך אַוועקגעזעצט קלאַפּן מיט די פינגער איבער די קלאַווישן. פון קיך האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אַרײַנגעטראָגן אַ גרויסע בלעך, אויף וועלכער עס איז פּריציש געלעגן אַ ברוינע גאַנדז; אַן אַנדערער איז אַרײַנגעקומען מיט אַ גרויסן טעלער באַלייגט מיט פיש. איינער האָט די בלעך מיט דער גאַנדז אַוועקגעשטעלט אויפן קאָפּ און דער צווייטער — דעם גרויסן טעלער מיט די פיש און זיך אַזוי היים צעטאַנצט, אַז קורץ דערנאָך איז די גאַנדז מיט די פיש געלעגן צוזאַמען אויף דער ערד. גאָר גרויס איז די שמחה געוואָרן, ווען מען האָט פון קיך אַרײַנגעבראַכט אַ גרויסן טעלער מיט קרעפּלעך. חברה האָט מיט די קרעפּלעך געשפּילט אין באַלעם — אַ וואָרף געטאָן איין קרעפּל אויף דער וואַנט, האָט זיך דאָס קרעפּל צוגעקלעפּט און געבליבן שטעקן. האָט מען געוואָרפן אַ צווייטס און אַ דריטס און אַזוי זענען די ווענט באַקלעפּט געוואָרן פון אַלע זייטן מיט די געשמאַקע קרעפּלעך וואָס די קורחטע האָט אָפּגעקאָכט לכבוד דער פּורימדיקער סעודה.

— וואָס טוט איר, גזלנים וואָס איר זענט — האָט קורח זיך צעשריגן — איר פאַרשטערט מיר מײַן יום־טוב, ס׳איז דאָך יום־טוב הײַנט.

— חס וחלילה, ר׳ אשר, מיר זענען נישט קיין גזלנים. יידן זענען מיר, מיר זענען נישט געקומען אַהער אײַך פאַרשטערן דעם יום־טוב. אדרבה, מיר זענען געקומען אײַך אַ ביסל משמח זײַן און מיר זענען משמח יעדן ייד, אַזוי ווי ער פאַרדינט. און אַזוי ווי איר זענט אַן אויסנאַם פון אַ ייד, איז ממילא די שמחה בײַ אײַך אויך אַן אויסנאַם.

— משמח זענט איר מיך? איר האָט דאָך מיר פון אַלע מאכלים אַ תל געמאַכט. זעט וואָס איר האָט געמאַכט פון די פיש, פון פלייש,

פון די קרעפּלעך, זעט וואָס איר האָט געמאַכט פון דער שטוב מיינער.

— נישקשה, — האָט מען אים אָפּגעענטפערט, — פאַראַן יידישע הייזער אָן פיש און פלייש היינט און עס איז אויך ביי זיי יום־טוב, פאַראַן יידישע הייזער אָן קרעפּלעך און אָן המן־טאַשן און עס איז אויך ביי זיי פּורים.

קורחס האַרץ איז אַ ביסל ווייכער געוואָרן.

— וואָס ווילט איר פון מיר, וויפיל ווילט איר זאָל איך אייך געבן?

— אָט אַזוי, ר׳ אשר, הערט מען אַ קול יעקב, הערט מען אייך רעדן צו דער זאַך. פאָרט אַ ייד, אַ יידישע נשמה איז פונדעסטוועגן נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, אמת, ר׳ אשר?

קורח איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער און מיט פאַרלאָ־פענע אויגן פון אומגעשטילטן כעס געקוקט אויף די פאַרשטעלטע.

— וויפיל? נו זאָגט שוין וויפיל? לאָמיך שוין פּטור ווערן.

ביים צעשאַבערטן טיש האָט זיך ווידער אַמאָל אַוועקגעזעצט דער קאַסירער פון די ביקור חולים און קורח — נעבן אים. דער קאַסירער האָט קורחן געמאַכט אַ חשבון, אַז ער דאַרף באַצאָלן פאַר אַלע יאָרן ביז אַהער און — פאַר צען יאָר פאָראויס, כדי צו פאַרשפּאָרן זיך די טרחה צו קומען צו אים דעם קומענדיקן פּורים ווידער אַמאָל.

קורח איז גרין געוואָרן פון כעס און אויפרעגונג. פאַר דער פאַרגאַנגענער צייט איז ער שוין געווען גרייט צו באַצאָלן. מען האָט זיך בלויז געדונגען איבערן פרייז פאַר יעדן יאָר. אָבער וועגן געבן פאָראויס אויף צען יאָר האָט ער הערן נישט געוואָלט.

— פאָראויס זאָל איך אייך באַצאָלן? און טאָמער שטאַרב איך?

— איז אויך נישט קיין אומגליק, מיר זענען ברוך השם קוראַנט. אם ירצה השם ביים דינגען די קרקע וועט חברה קדישא דעם חילוק פאַררעכענען לטובת אייך, ר׳ אשר, נישקשה, מיר זענען נישט קיין כאַפּערס.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט קורח אָפּגעציילט דעם באַטרעף פאַר דער גאַנצער צייט און פאַר צען יאָר פאָראויס, אַזוי ווי די ביקור חולים האָט פאַרלאַנגט. דערלאַנגענדיק קורחן די געשריבענע

קבלה אויפֿן באַקומענעם געלט, האָט אים דער קאַסירער צוגעוואונטשן ווי דער שטייגער:

— דערלעבט איבער אַ יאָר אין פֿריידן, ר׳ אשר, און זאָל אייך גאָט העלפֿן, אַז איר זאָלט נישט נאָר האָבן צו געבן, נאָר איר זאָלט אויך קאָנען געבן, איר זאָלט האָבן אַ האַרץ צו געבן. אַ גוטן פּורים, ר׳ אשר, אַ גוטן פּורים, באַלעבאָסטע, אַ פֿריילעכן יום־טוב.

און אונטער די קלאַנגען פֿון דער האַרמאָניע און פּויקן, באַגלייט מיט אַ געבילעריי פֿון די הינט, זענען די ביקור חולים אַרויס פֿון קורחס הויז און אַוועק ווייטער איבער יום־טובדיקע יידישע הייזער.

# שאַנכייער בילדער

**(קאַפּיטלען פון דעם נישט פאַרעפנטלעכטן בוך „קומט מאָרגן")**

ווינטער 1942 אין שאַנכיי.

דער אָ ווינטער איז מיר גוט אין די ביינער פאַרקראָכן. איך וועל אים געדענקען זייער לאַנג. נישט דער פּערמאַנענטער הונגער און קעלט, ערגער דערפון איז געווען דאָס געפיל פון אייגענער לאַ־יצלחדיקייט.

אויף סעטשוען ראָד, אין שאַנכייס באַנק־ און האַנדלס־צענטער, ווימלט עס מיט ניי־געבאַקענע סוחרים; מען האַנדלט מיט וואָס נאָר עס לאָזט זיך און לאָזט זיך נישט; מען מסחרט מיט ווינט און זינד, מען פּאַלט אויף די משונהדיקסטע המציאות, אַבי צו פאַרדינען אַ פּאָר דאָלאַר. און איך געהער צו יענער קליינער, מינדערווערטיקער גרופּע שלים־מזלען, וואָס קענען דאָ קיין קאַץ אַן עק נישט פאַרבינדן.

שאַנכיי איז אַ שטאָט פון די אוממעגלעכסטע מעגלעכקייטן אין האַנדל. „גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסן, מען דאַרף עס נאָר קענען דערזען און אויפהייבן"... האַנדל איז דאָ אַ שפּיל, אַ האַ־זאַרד, אַ ווילדער געיעג נאָכן גאָלדענעם קאַלב. און די שאַנסן זענען דאָ אומגעהויערע: איבער נאַכט, אויב עס געלינגט, דאָס מזל שפּילט צו, איז מען אַ גביר; און פאַרקערט — אויב עס גייט מיט דער פּוטער אַראָפּ — אַן אָרעמאַן, אַן אביון. ווייל — ווי האָט מיר אַ היגער תושב געזאָגט:

— אין שאַנכיי קאָן מען פון מיסט מאַכן גאָלד און פון גאָלד — מיסט.

אָבער איך בין אַ סגי־נהור, עפּעס דערזע איך דאָ נישט. עס פעלט דער חוש דערצו און ממילא — האָב איך דאָס מינדערווערטיקע געפיל פון אַ פאַרלוירענעם און נוצלאָזן מענטש...

מען מוז אָבער פּאָרט געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג כדי צו

פאַרדינען אַ פּאָר דאָלאַר. אויסגיין ביסלעכווייז פון הונגער איז נישט בלויז אַן אומאָנגענעמע זאַך, נאָר אויך זייער לאַנגווייליק... נישט קיין תכלית.

דער ווערט פון אַ מענטש פון פיזישער אַרבעט איז אין שאַנכיי זייער אַ נישטיקער. דער לוין פאַר אַרבעט איז דאָ דער נידעריקסטער. אַ שאַנכייער תושב, אַ ייד אַ גביר און ממילא אַ כלל־טוער, האָט זיך געעפנט אַ ביוראָ אין האַנדלס־צענטער אויף סעטשועז ראָד. זענען געקומען צו אים פּליטים און געבעטן אַרבעט. דערויף האָט דער דאָזיקער ייד אין בעסטן גלויבן און אין זיין גאַנצער פשטות געענטפערט:

— יידן אין מיין ביוראָ? ניין; דערויף זענען פאַראַן גענוג רוסן און כינעזער, זיי זאָלן אַרבעטן. יידן דאַרפן גיין אויף סעטשועז ראָד, האַנדלען, שפּעקולירן, באַמיען זיך צו ווערן רייך...

אַזאַ איז די איינשטעלונג אין שאַנכיי.

און פונדעסטוועגן האָב איך נישט געפאָלגט די עצה פון דעם ייד און געזוכט אַרבעט, אַ פיזישע אַרבעט.

פאַראַן אין שאַנכיי אַ פאַבריק פון גאַזירט וואַסער. דער באַלעבאָס — אַ ייד, האָט, וואָס אַן אמת, נישט געהאַט קיין גרויס חשק צוצונעמען קיין יידן צו דער אַרבעט ביי אים אין פאַבריק. עס פעלן נישט קיין כינעזישע קולים. געווען אַ גאַנץ טועכץ מיט אים ביז מען האָט אויסגעפּועלט און ער האָט, צום אָנהויב סעזאָן, פרילינג, געהייסן זיך צושטעלן צוואַנציק יידישע קאַנדידאַטן. איך בין געווען איינער פון זיי.

אין אַ זשאַווערדיק־נאַסן מערץ־פרימאָרגן האָבן מיר, די צוואַנציק קאַנדידאַטן, זיך פאַרזאַמלט אויפן פאַבריקס־הויף. עס איז נאָך געווען זייער פרי און מיר האָבן געהאַט צייט אַ ביסל אַרומצוקוקן זיך און אַ ביסל צו פּלוידערן.

די פאַבריק: אַ ליימיק שטיק ערד אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן, פון באַמבוס אַרומגעפלאָכטענעם פּלויט, דערין — הילצערנע שאָפּעס מיט פאַבריקס־מכשירים און חמרים שמוציקע פלעשער און ליידיקע קעסטלעך. אין די שאָפּעס איז דער באָדן באַלייגט מיט צעמענט. עס איז דאָרט כסדר נאַס, דער באָדן געפינט זיך תמיד אונטער עטלעכע צענטימעטער וואַסער — נישטאָ קיין אָפּפלוס. די פאַבריק איז איינגעאָרדנט זייער פרימיטיוו, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען

וועלכע זענען מעגלעך נאָר אין כינע, פאַר כינעזישע קולים. קיין שום סאַניטאַרע השגחה און שוץ. דאָ קימערט מען זיך נישט וועגן געזונט און לעבן פונם אַרבעטס־מענטש. ווערט מען קראַנק, אָדער אומפעאיק צו דער אַרבעט, ווערט מען באַזייטיקט אָן שום אַנטשעדיקונג און צענער, הונדערטער נייע קאַנדידאַטן שטייען גרייט צו פאַרנעמען דעם פריי־געוואָרענעם פּלאַץ.

עס איז נאָך זייער פרי. דער פאַבריקס־פאַרוואַלטער וועט קומען ערשט אין אַ שעה־צוויי אַרום. אַ גרופּע כינעזישע קולים אַרבעט שוין דאָ גאַנץ געשמאַק פון סאַמע פאַרטאָג. זיי קוקן אויף אונדז, ווייסע, מיט חידוש, רעדן צווישן זיך זייער פאַר אונדז אומפאַר־שטענדלעך לשון און לאַכן. ווער ווייסט וועגן וואָס זיי רעדן? מען קען משער זיין: שלעכטע צייטן געקומען אויף די ווייסע טייוולאָנים, אַז זיי, די נאַקאָנים (נאַ־גו־נין־נאַ — אויסווערטיקער, נו־נאַציע־נין — מענטש־אויסלענדער) קומען ביי אונדז צונעמען אפילו אָט די אָ קאַטאָרזשנע אַרבעט. אַ וועלט אַרויסגעקומען: ווייסע קלויבן זיך אַרבעטן צוזאַמען מיט כינעזישע קולים, קומען זיך אויסגלייכן מיט זיי, קומען — נישט ווי אָנפירערס, אָנטרייבערס און משגיחים, נאָר ווי איינפאַכע אַרבעטס־פערד — ווייסע קולים...

אַזייגער ניין איז געקומען דער פאַרוואַלטער — אַ כערסאָנער ייד, פאַרגרעבט, אָבער גוטמוטיק און מיט אַ סך פּשטות. ער שטעלט זיך אַוועק אין דער מיט פון אונדזער גרופּע, קוקט זיך צו צו די אויסגעבלייכטע און אָפּגעצערטע פּנימער, טראַכט אַ ווײַלע און דאַן הייבט ער אָן דראַסטיש און שאַרף:

— איר מוזט זיך גוט מיישב זיין, צי איר קענט נעמען אויף זיך אַזאַ אַרבעט, צי דאָס איז פאַר אייערע כוחות. די אַרבעט איז אפשר נישט אַזוי שווער, ווי שווער און אומדערטרעגלעך עס זענען די באַדינגונגען... איר זענט יידן און איך וויל מיט אייך זיין אָפנ־הארציק. אין דער פאַבריק מוז מען זיין זעקס אין דער פרי. די אַרבעט דויערט ביז 6 פאַרנאַכט, 12 שעה אַרבעט מען ביי אונדז. קיין רו־טאָג איז ביי אונדז נישטאָ, מען אַרבעט אי שבת, אי זונטיק.

— און ווען רוט מען? — פרעגט איינער.

— אין דר'ערד! — ענטפערט דער פאַרוואַלטער בייסיק און שאַרף.

א ווײַלע שטייען אַלע פאַרשווײַגן און קוקן איינער אויפֿן אַנדערן און דאַן הייבט דער פּאַרוואַלטער ווידער אָן צו רעדן רויִק, קאַלט און זאַכלעך:

— די פֿאַבריק שטייט אונטער וואַסער, וואָס אינטענסיווער די אַרבעט אַלץ מער וואַסער. די גאַנצע צײַט פֿון דער אַרבעט, דעם גאַנצן טאָג, שטייט מען אין וואַסער, די הענט ווייקן צוועלף שעה אין וואַסער — מען וואַשט פֿלעשער. דאָס שאַנכייער וואַסער, רוי וואַסער, איז אַזאַ, אַז דערפֿון מאַכן זיך בלאָטערן, געשווירן אויף די הענט. געפֿערלעך איז עס נישט — גיט ער צו — אַ דאָקטאָר קען עס אויסהיילן, נאָר עס טוט זייער וויי.

ווײַטער האָט דער פּאַרוואַלטער איבערגעגעבן, אַז עס קומט אויס צו טראָגן קעסטלעך מיט פֿלעשער וואַסער און אַזאַ קעסטל ווענט 200 פֿונט.

— זענט איר עס בכוח? — פֿרעגט ער — איר זענט ייִדן, איך וועל אײַך באַהאַנדלען אַנדערש ווי די קולים, ווי ווײַט איך וועל קענען וועל איך אײַך אָפּשוינען, אָבער עס איז פֿאַראַן אַ צײַט אין אונדזער פֿאַבריק, ווען עס איז נישטאָ קיין שום איינזען; אין די הייסע חדשים מוז מען אַרבעטן אינטענסיווער, וואָס הייסער עס איז — אַלץ אינטענסיווער און אָנגעשטרענגטער איז די אַרבעט. איך אַליין — זאָגט ער — בין נישט מער ווי אַן אָנגעשטעלטער, מען פֿאָדערט פֿון מיר — מוז איך פֿאָדערן פֿון אַנדערע. איצט, אין מערץ־אַפּריל, איז די אַרבעט אַ שפּילעכל, די אמתע אַרבעט הייבט זיך אָן אין יוני. דעמאָלט ווען עס ווערט גוט הייס, ווען מענטשן האָבן נישט קיין כוח צו שטיין אויף די פֿיס, ווען מען ווייקט אין שוויים, מען גייט אויס נאָך אַ ביסל שאָטן און רו, דעמאָלט גייט דאָ די אַרבעט אין פֿולן ברען.

דער רעגולאַמין איז אַ שטרענגער: נאָך דריי טעג נישט קומען צו דער אַרבעט, אומאָפּהענגיק צוליב וועלכער סיבה מען איז נישט געקומען, אפֿילו צוליב קראַנק זײַן — ווערט מען געשטראָכן פֿון דער רשימה, פֿאַרלירט מען די אַרבעט.

— אַזוי, מײַנע פֿרײַנד, אַזוי איז עס אין שאַנכײַ.

פֿון יוני אָן — זאָגט ער ווײַטער — אַרבעט מען אויך איבער־שעהן, פֿון 6 ביז 9 אָוונט. די דאָזיקע דריי שעה אַרבעט מען אויף אַקאָרד, פֿאַר דעם ווערט עקסטרע באַצאָלט. די דאָזיקע אַרבעט

איז אַ פאַרפּליכטנגדיקע, מען טאָר זיך פון איר נישט אָפּזאָגן. קומט אויס, אַז אין די הייסע חדשים אַרבעט מען נישט 12, נאָר 15 שעה אַ טאָג.

— איך זאָג דאָס אייך אַלץ דערפאַר, ווייל איר זענט יידן. איך וויל אַז איר זאָלט דאָס אַלץ וויסן, כדי איר זאָלט שפּעטער נישט האָבן קיין טענות, וואָס עס זאָל מיט אייך נישט געשען...

די אַרבעט איז אַן אומדערטרעגלעכע, זייט זיך גוט מיישב, מיט כינעזישע קולים איז שווער צו קאָנקורירן, זייער שווער...

פון די צוואַנציק קאַנדידאַטן וואָס האָבן זיך געמאָלדן צו דער אַרבעט, זענען צוועלף צוריק אַוועק אַהיים. די איבעריקע האָבן געאַרבעט עטלעכע טעג און דאַן רעזיגנירט פון דער אַרבעט. עס איז געווען נישט איבער זייער ווילן, דערפאַר אָבער ווייט איבער זייערע כוחות. דאָס הונגער־געשפּענסט האָט אויסגעזען, אין די באַדינגונגען, צו זיין לייכטער און דערטרעגלעכער...

* * *

איך וואוין אין געטאָ. די יאַפּאַנער האָבן מיך אויך סוף כל סוף פאַרבעטן אַהין.

גיטל אַבראַמאָוונאַ האָט מיר נישט אָנגעזאָגט קיין שום נוטס דאָרט, אין געטאָ. און קיין הילף פון איר זייט האָט זי אויך נישט צוגעזאָגט, אדרבה, נאָך געלייגט שטיינער אויפן האַרץ.

— עס וועט דאָרט זיין זייער שלעכט.

אָקעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד? אָקעגן עפּעס אַ מענטשלעך ווינקל אין געטאָ, אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ, צו האָבן וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, צו לעבן, איבערהאַלטן.

ווי אַ ווייב פון די ערשטע פּערציק אין שאַנכיי אין געלט און גדולה, פאַרנעמט זיך אויך גיטל אַבראַמאָוונאַ מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים. איך ווייס נישט צי און וויפיל זי גיט אויף כלל־צוועקן, איך ווייס נאָר אַז זי נעמט, נישט קיין געלט, חלילה, דאָס האָט זי, זי נעמט — שטעלונג.

— איר ווילט אַ מענטשלעך שטיקל דאַך איבערן קאָפּ? נו, און געלט איז ביי אייך דאָ, געלט?

— ...

— קיין געלט האָט איר נישט?

— ...

— טאַ וואָס־זשע ווילט איר?

— ...

— איר האָט מורא, אַז איר וועט דאַרפֿן וואוינען צוואַנציק מענטשן אין איין צימער? עס וועלן וואוינען פֿיל מער, אפֿשר הונ־דערט און אפֿשר אויך צוויי הונדערט...

פּויזע.

— יאָ, דאָרט וועט נישט גוט זיין, דאָרט וועט אפילו זיין זייער שלעכט. אָבער תמיד איז אַזוי געווען אויף דער וועלט און תמיד — פּסקנט זי אָפּ — וועט אַזוי זיין. ווער עס האָט געלט — דעם איז גוט און ווער עס האָט נישט קיין געלט — דעם איז שלעכט. טאָ וואָס־זשע ווילט איר, אויב איר האָט נישט קיין געלט?

זי האָט מיך אומזיסט אָנגעשראָקן, גיטל אַבראַמאָווגאַ. ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט אין געטאָ און פֿאַר מיין אַרבעט אַלס אינקאַסענט איז עס ווי באַשאַפֿן פֿאַר מיר, ווי אָנגעמאָסטן, די געטאָ. די גרעסטע טובה וואָס די יאַפּאַנער האָבן מיר געקענט טאָן איז געווען טאַקע דאָס, וואָס זיי האָבן ביי מיר ענדלעך צוגענומען דעם פּערמיט און מיך געצוואונגען אַריבערצוציען זיך אין געטאָ אַריין.

דער „קעניג״ פֿון די יידן אין געטאָ, דער יאַפּאַנער גאָיאַ, האָט מיר גאָר אַ גרויסע טובה געטאָן: ער האָט מיך גוט צעשלאָגן און עס איז מיר געוואָרן אַזוי גוט, וואָס בעסער קען שוין גאָרנישט זיין. זינט דעמאָלט אַרבעט זיך מיר אַ סך גרינגער. דער עולם צאָלט. מיט שטאָלץ טראָג איך זיך אַרום מיט דעם געטאָ־צייכן אויף דער קלאַפּע:

— נאַט, זעט ווער איך בין.

און עולם פֿילט מיט, מען גייט אויף דער האַנט, מען צאָלט גערנער, מען באַמיט זיך צו פֿאַרלייכטערן אין דער אַרבעט, נישט דאַרפֿן צו קריכן צו יענעם וויפֿיל מאָל דורכן חודש ביז מען וועט באַוויליקן צו באַצאָלן. מען גייט אַריין אין דער לאַגע, מען פֿילט מיט... איר קענט דאָך מאָטל פּייסי דעם חזנס?

אמת, עס זענען נאָך פֿאַרבליבן געגנוג אַזעלכע, וואָס האָבן קיין שום איינזען נישט, וועמענס דאגה איז עס? מיסטער הערצענשטיין צאָלט נאָך אַלץ דעם סאַמע לעצטן טאָג פֿון חודש; און מיסטער שטאָלבערג צאָלט ווייטער נישט ווי פֿריער, ביז מען רייבט נישט אָפּ די שוועל ביי אים אַזוי אַ פֿיר־פֿינף מאָל יעדן חודש.

— ס'איז ווייט? גייט מען נאָך א שטיקל וועג.

— מען באַווייזט נישט אין משך פון חודש צו אַלע צו קומען? וואָס גייט עס מיך אָן?

אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך אַ סך פאַרבעסערט. פאָרט יידישע הערצער — איך זיץ אין געטאָ און דער יאַפּאַנער גאָיא האָט מיך געשלאָגן.

בקיצור — מיר איז גוט...

* * *

שאַנכיי איז אַ וואוילע שטאָט, איינע אין דער וועלט, אַ גן־עדן. יעדער לעבט דאָ ווי ער וויל, ווי אים געפעלט. קיינער פרעגט נישט און קיינער זאָגט נישט קיין דעה. אין מסחר, למשל, איז מען אַליין דער אויסשליסלעכער באַלעבאָס. נישטאָ קיין שטייערן אָדער כמעט נישטאָ. קיינער פרעגט דיך נישט מיט וואָס דו האַנדלסט, ביי וואָס און וויפיל דו פאַרדינסט. קיין שאַנכיי האָט מען פון אַמעריקע געבראַכט שיפן מיט מיסט, איז דאָ דערפון געוואָרן גאָלד. דאָס אָפּפאַל פון סחורות, דאָס פּסולת, ווערטלאָזע לאַגערן פון כלערליי נישט סאָרטירטע רעשטלעך פאַרלעגענע סחורות, בבלס האָבן אין שאַנכיי אַן אָפּזאַץ. דאָ ווערט די סחורה פאַרצוקערט, ווערט פאַר־וואַנדלט אין לעצטן געשריי פון דער מאָדע און מען מאַכט דערביי געלט, גרינג און אַ סך.

עסן? בזיל הזול: אויסטראַלישע מילכוואַרג — פּוטער און קעז, פליייש בחצי חינם; גייסט אַרויס אין גאַס — ביסט אַ פרייער פויגל. אַ ווייסער? — יעדער כינעזער טרעט דיר אָפּ דעם וועג מיט פּחד און רעספּעקט. ביים אַריינגאַנג אין פּאַרק הענגט אַן אויפשריפט: „כינע־זער און הינט — אַריינגאַנג פאַרבאָטן".

— שאַנכיי — דאָס איז דאָך ארץ־ישראל, עס רינט האָניק און מילך, מען קען זיך פאַרגינען.

דער ייד וואָס האָט פאַר מיר אַזוי אויסגעלויבט שאַנכיי און באַלעקט זיך אין זיסן תענוג איז אַ סוחר פון דאַמען־קאָנפעקציע, אַן איינפאַך אָבער גוטמוטיק מענטשל, מיט זינלעך־פעטע ליפּן, ווייט נאָך נישט געזעטיקטע אין כלערליי פיזישע תאוות... אַ באַרעדעוודי־קער. ווען איך קום צו אים אַריין, האָט ער מיר תמיד וואָס צו דערציילן און מיך עפּעס צו פרעגן. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, ווי אַזוי ער האָט געגנבעט די סאָוויעטישע גרענעץ ביי פּאָגראַניטש־

נאַיאַ און אַריבערגעכאַפּט זיך צו די קיטייצעס; ווי ער איז אָן אַ גראָשן געלט פאַרפאָרן ביז שאַנכיי און געזען אַז „כי טוב", האָט ער זיך דאָ באַזעצט אויף אייביק: דאָ צו לעבן און דאָ שוין צו שטאַרבן.

אַ צווייט מאָל האָט ער מיך באַרימעריש און מיט שטאָלץ אַריינגעפירט אין די לאַבאָראַטאָריעס פון די שאַנכייער אַלכעמיקער, אַנטפּלעקט אַ ביסל פון די סודות, ווי אַזוי מען מאַכט אין שאַנכיי פון מיסט געלט, גאָלד און מען ווערט איבער נאַכט אַ „פּאַרטיקער מענטש", דאָס הייסט — אַ גביר.

דאָס מאָל אַז איך בין צו אים אַריינגעקומען, האָט ער מיך אויפגענומען מיט אַ זייער ברייטן „גוט־מאָרגן" און אַן אויפגעלייג־טער מיך אַ פרעג געטאָן:

— איז ווען ווערט מען שוין אייערע פּטור? מיט גאָטס הילף וועט איר בקרוב אָוועקפאָרן פון דאַנעט, איר פּליטים.

געווען אַקוראַט דעם זעלבן טאָג, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז מוסאָליני איז אַוועק אין דעמיסיע. איינער, הייסט עס, איז שוין אַוועק, עס דערנענטערט זיך דער סוף.

— איר זאָלט נישט מיינען — זאָגט ער מיר — אַז דאָס רעד איך אַזוי פון שנאה צו אייך, אדרבה, איך ווינטש אייך, פּליטים, אַלדאָס גוטס.

— חס־וחלילה — האָב איך אונטערגעכאַפּט — איר ווינטשט אונדז טאַקע דאָס בעסטע. מיר ווילן דאָך אַוועקפאָרן פון דאַנעט.

— אָ, איך ווייס, איך ווייס. דערפאַר זאָג איך עס, איך ווייס, אַז איר האָט אונדז פיינט.

— פיינט? ווער האָט אייך פיינט?

— איך מיין נישט מיך, אונדז מיין איך, שאַנכיי.

און דאָ האָט ער אָנגעהויבן צו שיטן מיט שבחים אויף שאַנכיי. ווען ער האָט מיך דערמאָנט וועגן דער אויפשריפט פאַרן אַריינגאַנג אין פּאַרק: „כינעזער און הינט איז דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן", האָב איך אים אין גוטן מוט בלויז אַ פרעג געטאָן, צי ער געדענקט נישט די גוטע צייטן פון תחום המושב אין צאַרישן רוסלאַנד און צי ער האָט נישט געזען אין די פּאַרקן דאָרט, אין די פּאַרקן פון די רוסישע שטעט אין יענער צייט ענלעכע אויפשריפטן ווי די וועלכע מען זעט איצט אין שאַנכיי. נישט מער, אָנשטאָט „כינעזער" איז דאָרט געשטאַנען „יידן": „יידן און הינט איז דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן".

— וואָס פאַרגלייכט איר אונדז יידן צו די כינעזער — האָט ער צעפּירט מיט די הענט און געקוקט אויף מיר מיט חידוש.

אין קיין דיסקוסיעס האָב איך זיך מיט אָט דעם ייד נישט אַריינגעלאָזט. איך האָב אים אויך דאָס מאָל געלאָזט באַקומען; איך האָב אים בלויז אַ פרעג געטאָן:

— איר גלייבט אין גאָט?

— אַ שאלה, ווי הייסט צי איך גלויב?

— וויל איך אייך זאָגן, אַז לויט מיר איז שאַנכיי אַ שטאָט, וואוהין גאָט האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל נישט פאַרבלאָנדזשעט, און וואָלט ער אַמאָל אַ בליק געטאָן אויף דער דאָזיקער שטאָט, וואָלט ער מיט איר געמאַכט דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל געמאַכט מיט סדום...

דער ייד איז געוועזן אש להבה.

* * *

ביזן סוף פון דער מלחמה, ביזן אַריינקומען פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. איז דער רעליגיעזער טייל פון די פּויליש־יידישע פּליטים געוועזן זייער אין דער מאָדע ביי די דייטשע יידן. צווישן די טויזנט פּוילישע פּליטים זענען געוועזן עטלעכע הונדערט ישיבה־בחורים, גרופּירט אַרום זייערע ישיבות אונטערוועגס: מירער, ליובאַוויטשער, לובלינער.

די דייטשע יידן האָבן אייגנטלעך נישט קיין שום באַרירונגס־פּונקטן מיט די פּוילישע יידן. צוויי פעלקער, הנם אונטער איין גורל, קיין שפּור פון גייסטיקער, נאַציאָנאַלער קולטור־געמיינשאַפט. האָבן דווקא די רעליגיעזע צווישן די פּוילישע יידן, די בערדלדיקע, באַפּאותטע יונגעלייט פון די ישיבות אויסגענומען ביי זיי, געפונען חן און לייטזעליקייט אין זייערע אויגן, דווקא זיי האָבן געוואונען דאָס „האַרץ" פון די דייטש־יידישע מיידלעך. מען האָט געזוכט חתנים צווישן די ישיבה־בחורים, געזוכט מיט זיי זיך משדך צו זיין און געהאַלטן אַזאַ שידוך פאַר אַ גרויס גליק. פאַר אַ דייטש־יידיש מיידל איז אַ ישיבה־בחור פאַר אַ חתן געווען אַ ריזיקע קאַריערע.

וואָס איז געשען? זענען דייטשע יידן פּלוצלונג אַרויף אויפן דרך־הישר? זענען די דייטשע בנות ישראל פּלוצלונג פרום און גוט געוואָרן און עס פעלט זיי צום רומל בלויז אַ רעליגיעזער יונגער־

מאַן, אַ לערנער? איז גראָד צווישן זיי אויפגעשטאַנען צוריק די אַמאָליקע יידישע צנועה מיטן שעמעוודיקן פּנים, מיט די אַראָפּגע־לאָזטע אויגן, יענע כשרע יידישע טאָכטער, גאָטספאָרכטיק און שעמעוודיק?

ניין, פּשוט — די רעליגיעזע יידן, די ישיבות, זענען פינאַנסיעל בעסער סיטואירט געווען. די מאַטעריעלע הילף, וואָס זיי האָבן נעקראָגן די גאַנצע צייט, איז געווען צען מאָל גרעסער ווי די וואָס עס האָט געגעבן דער „דזשאָינט". אַ שידוך מיט אַזאַ ישיבה־בחור האָט געהייסן אַ גליק־שידוך, האָט געהייסן זיין פאַרזאָרגט מיט „כל טוב". איז מען אין דייטש־יידישע הייזער, וואו עס זענען געווען דערוואַקסענע מיידלעך, איבערגעגאַנגען פון טריף אויף כשר און מיידלעך האָבן אָנגעהויבן טראָגן קליידלעך מיט לאַנגע אַרבל און זאָקן, אָנגעהויבן זיך קליידן באַשיידענער, דיסקרעטער. אין דער מקווה, וואָס די פּוילישע רעליגיעזע יידן האָבן אויסגעבויט אין געטאָ, האָבן זיך גענומען באַווייזן דייטש־יידישע פרויען — די מאַמעס פון די טעכטער — און די נאָכפראַגע אויף כשר פלייש איז געוואָרן גרעסער.

טרעפט מיך איינמאָל אין גאַס איינער פון די רעליגיעזע יידן, אַ ייד פון פּוילן, אַ פּליט, דער נאָמען פון דער כשרער יאַטקע אין שאַנכיי.

— וואָס הערט זיך? — פאַרטשעפּעט ער מיך — איר דאַרפט דאָך וויסן נייעס, איר לייענט דאָך צייטונגען.

— מ'לייענט — ענטפער איך אים — אָבער קיין נייעס איז נישטאָ, יעדנפאַלס קיין גוטע נייעס און אוודאי נישט פאַר יידן.

איך פיל אַרויס, אַז עפּעס פאַרקעט אין אים, ער וויל מיר עפּעס זאָגן, ער וויל רעדן. באַלד הייבט ער טאַקע אָן:

— איר זענט דאָך נישט פון די פרומע, אָבער איך מוז אייך זאָגן דעם אמת: פרום נישט פרום, אַ פּוילישער ייד איז איינן פלייש, אייגן בלוט, יידן.

— אַקעגן וואָס זאָגט איר עס? — פרעג איך.

— איך זאָג עס אַקעגן אונדזערע דייטשע יידן, מ'שטיינס געזאָגט. ס'איז נישט דאָס... איר פאַרשטייט, יידן אָבער נישט דאָס צו וואָס מיר זענען געוואוינט געווען. מיר האָבן גוט געקענט אונדזערע פרייע. עס האָט אונדז פאַרדראָסן, עס האָט אונדז ווי

געטאָן, אַז מיר האָבן געזען ווי אַ ייִד איז מחלל שבת. מיר האָבן געקעמפּט קעגן דעם. אָבער איינס מוז מען מודה זיין: אונדזערע פרייע האָבן נישט געהאַנדלט מיט געוויסן. זיי זענען געווען דאָס וואָס זיי זענען געווען, ווי דאָס הייסט, מענטשן מיט כאַראַקטער זענען זיי געווען. די דייטשע ייִדן זענען אַנדערש, אין גאַנצן אַנדערש, זיי וועלן אייך פאַרקויפן דעם טאַטן מיט דער מאַמען פאַר אַ טאָפּ לינדזן. איר מיינט מיר ווייסן נישט? זיי האַנדלען מיט גאָט אַהין און אַהער, קענען אייך איבערדרייען דעם פּעלץ אַהין און צוריק צען מאָל דורכן טאָג, עס ווענדט זיך בלויז אין דעם ווי עס לוינט זיך בעסער. איך רעד נישט פון הוילן פּאַס. איך בין נאָמען פון דער כשרער יאַטקע און ווי אַ רעליגיעזער וואָלט איך אוודאי געוואָלט, אַז אַלע ייִדן זאָלן עסן כשר; אָבער איך זאָג אייך, אַז עס איז מיר מוקצה צוצוקוקן זיך. קומט נעכטן צו אַ דייטשקע, אַן עלטערע ייִדענע, צו דער כשרער יאַטקע קויפן פלייש. וואָלט זי כאָטש גאָרנישט געזאָגט, מילא. ס'האָט זי דען עמיצער געצווינגן פאַר דער צונג? האָט עס אָבער פון איר אַרויסגערעדט. זי האָט אַ טאָכטער וואָס שדכנט זיך צו אַ ישיבה־בחור. אַ ישיבה־בחור — צעלאַכט זיך דער ייִד — כדי עס זאָל פון דעם עסק עפּעס אַרויס־קומען, מוז זי מאַכן ביי זיך אין שטוב „קאַושער", מוז זי נעבעך קויפן „קאַושער" פלייש... איר מעגט מיר גלויבן, ס'איז צו שפּייען דערויף, כ'לעבן.

עטלעכע אַזעלכע שידוכים מיט ישיבה־בחורים זענען דאָ דורכ־געפירט געוואָרן, געווען אין געטאָ עטלעכע אַזעלכע חתונות כדת וכדין און זייער צאָל וואָלט זיכער געשטיגן, ווען נישט דער פּלוצ־לונגער סוף פון דער מלחמה. דאַן איז די מאָדע אויף ישיבה־בחורים אַראָפּ. די מקווה האָט אַ דעפיציט און די נאָכפראַגע אויף כשר פלייש איז אַ נאָרמאַלע. מען זוכט נישט מער קיין ישיבה־בחורים פאַר קיין חתנים און איידעמס. אַן אַנדערע צייט, אַן אַנדערע קאָניונקטור — אַמעריקאַנער זעלנער מיט דאָלאַרן, פיל, פיל מער ווי עס האָבן די ישיבה־בחורים...

* * *

די וויזיע פון דער לעצטער נאַכט אין שאַנכיי.

איך שפּאַציר אַרום איבער די גאַסן פון דער שטאָט, כדי צו כאַפּן אויף איר דעם לעצטן בליק. קיין שום סימן פון בענקשאַפט,

קיין שפור פון רעפלעקסן פון דעם מין וואָס מען האָט, ווען מען פאָרט פון ערגעץ אוועק: „ווער ווייסט צי מען וועט זיך נאָך ווען עס איז נאָך אַמאָל... אַ שאָד דאָס און אַ שאָד יענץ...״ ס׳איז דאָ גאָרנישט קיין שאָד.

איך גיי איבער די גאַסן און קוק אין די באַלויכטענע פענצטער פון הייזער, איבער וועלכע איך בין אַרומגעקראָכן. אַן אומגעהויער, אַ וואונדערלעך געפיל פון לינדערונג האָב איך, אַז דער שייכות צווישן מיר און אָט די מענטשן וואָס לעבן אין די דאָזיקע הייזער האָט זיך איבערגעריסן, אַז נישטאָ מער קיין שום צוזאַמענהאַנג צווישן מיר און אָט די דאָזיקע הייזער, פּריוואַטע דירות מיט באַלויכטענע פענצטער און פאַרמאַכטע אָפיסעס און מאַגאַזינען, צו וועלכע איך פלעג עולה רגל זיין יעדן חודש.

איך בלעטער אין זכרון דאָס גוטע און שלעכטע, דאָס מענטש־לעכע און אוממענטשלעכע, וואָס כ׳האָב אָנגעטראָפן ביי מיין אַרבעט אַלס שראָף*) פון שאַנכייער יידישן קלוב. ווי אַ קרעפטיק געמאָלטער רויטער פאַס איבער די דאָזיקע בלעטער פון מיין זכרון צייכנט זיך בולט און שאַרף איין איינציקע פראַזע, וועלכע האָט דורך לאַנגע און פיינלעכע חדשים און יאָרן נעקלונגען אין די אויערן ווי אַ לאָזונג, ווי אַ ריקזיכטלאָזער געבאָט און באַפעל:

— קומט מאָרגן!

און אָן תרעומות צו וועמען, אָבער אויך אָן אַ דאַנק פאַר וועמען געזעגן איך זיך מיט זיי אַלע!

— איך וועל נישט קומען מער צו אייך, נישט מאָרגן און נישט איבערמאָרגן.

קיינמאָל נישט מער.

שאַנכיי, 1943.

---

*) אינקאַסענט.

# גאָיאַ

דער יאַפּאַנישער מיליטערישער באַאַמטער גאָיאַ איז געווען דער אומבאַגרענעצטער האַר און מושל איבער די עטלעכע טויזנט מענטשן מיט „ספּעציעלע" פּעסער. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פון אים, פון זיין גוטן אָדער שלעכטן הומאָר, פון זיין חסד און נאָך מער — פון זיין ווילקיר. אין משך פון אַ קורצער צייט איז גאָיאַ געוואָרן דער פּאָפּולערסטער נאָמען אין געטאָ, די שרעק און אימה פאַר יעדן וואָס האָט געמוזט אָנקומען צו אים, אָנקוקן זיין טריפהנעם פּרצוף.

אַ סאַדיסט, אַ משוגענער הונט, מיט אַ קרענקלעך מינדער־דערווערטיקייטס־געפיל, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע יאַפּאַנער, האָט ער שלאָגן, דערנידעריקן און מאַלטרעטירן פאַרוואַנדלט אין אַ סיסטעם. אַ קליינוויקסיקער און נישט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער וואוקס פון דער פיגור — ברייטפּלייציק, מיט באַזונדערס לאַנגע הענט, לענגער ווי נאָרמאַל. הענט ביז דער קני, אַ קיילעכדיקער גרויסער קאָפּ מיט צעשויבערטע האָר און אַן איינגעפּלאַטשט פּנים, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּרעהיסטאָרישער באַשעפעניש, אַ גאָרילע, בפועל ממש, אין אַ גרינעם מיליטערישן כאַקי־מונדיר.

מענטשן האָבן אויסגעמיטן די גאַס וואו ער האָט געוואוינט. דערזען אים פון דער ווייטנס, האָט מען אים אויסגעמיטן, פאַרקערעוועט אין אַ צווייטער גאַס אַריין, אַבי זיך מיט אים נישט צו באַגעגענען פּנים אל פּנים. מיט שרעק האָט מען גערעדט וועגן שלאָגן און פייניקן אינטערעסאַנטן, און אין דער זעלבער צייט האָט מען פון אים חוזק געמאַכט און אָפּגעשפּאָט. ווי האָט מען נישט געזאָלט שפּאָטן פון אָט דער קרעאַטור, ווען ער האָט איינמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט אַ פּליט גוט צעשלאָגן, אויסגעשריגן צו אים: „איך בין דער קעניג פון די יידן, איך קען מיט אייך טאָן וואָס נאָר מיר געפעלט, אפילו אויסהרגענען אייך אַלע..."

גאַיאַ האָט די פּליטים געהאַלטן אונטער אַ פּערמאַנענטן טעראָר. געאַרבעט האָט ער זייער לאַנגזאַם. פאַרן טויער פון פּליטים־ביוראָ האָט מען טעגלעך געזען הונדערטער מענטשן פאָרמירט אין אַ ריי. מען פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג, אַוועקשטעלן זיך אין דער ריי און וואַרטן. אונטער מבולדיקע רעגנס און מוראדיקע טראָפּיקאַלישע היצן זענען מענטשן געשטאַנען שעהן אונטערן פרייען הימל און געוואַרט אויף „מיסטער גאַיאַ (אגב האָט ער איינמאָל געפּאַטשט פאַר טיטולירן אים „מיסטער", „סער" זאָל מען אים אַדרעסירן). און אַז ער האָט זיך באַוויזן פון דער ווייטנס, דערזען דאָס קליינע, ברייט־פּלייציקע פיגורל מיט די לאַנגע הענט און קורצע און קרומע פיסלעך, דאָס פלעגמאַטישע, זעלבסטווירדיקע גענגעלע זיינס, איז צווישן דער מאַסע אין דער ריי דורכגעגאַנגען אַ ווינט:

— גאַיאַ, גאַיאַ.

גיך האָט זיך די ריי אויסגעסדרט און שטייף, זעלנעריש און פאַרשוויגן געוואַרט ביז ער איז אַריין אין טויער. פאַרשטייט זיך, אַז בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך די גאַנצע מאַסע געמוזט פאַרנייגן פאַר אים, בוקן זיך יאַפּאַניש, מיט די קעפּ ביז דער קני.

גאַיאַ האָט געשלאָגן. געשלאָגן פאַר גאָרנישט, אונטער פאַר־שידענע פּרעטעקסטן. דערביי איז ער אַרומגעלאָפן איבערן צימער פון זיין ביוראָ, געשריגן מיט די ווילדסטע קולות, געזידלט, און ווי אַ צעיושעטע חיה אַלעמאָל צוגעפאַלן צו זיין קרבן, פאַרמאָסטן זיך, אונטערגעשפּרונגען, דערלאַנגט דעם קלאַפּ און אָפּגעטרעטן עט־לעכע טריט צוריק.

צו איינעם האָט ער געהאַט אַ טענה, אַז ער פאַרדינט צו ווייניק, גלייבט נישט גאַיאַ אַז יענער לעבט פון זיין אַרבעט, הייסט עס — ער האַנדלט, שפּעקולירט. צו אַ צווייטן — אַז ער פאַרדינט צופיל. ער, גאַיאַ, האָט נישט אַזוי פיל, קריגט נישט אַזאַ גרויסן געהאַלט. דאָ איז אים דער נאָמען פון אַרבעטסגעבער נישט געפעלן, ביי אַן אַנדערן איז אים נישט געפעלן דאָס פאַך, וואָס איינער האָט זיך אויסגעקליבן. אָדער — טענות אַז דער פּאַס איז צעקנייטשט, נישט געשווינט מיטן געהעריקן רעספּעקט, ווי עס פאַרדינט אַ דאָקו־מענט אַרויסגעגעבן דורך דער יאַפּאַנישער מיליטערישער מאַכט. על פּי רוב האָט ער אַרויסגערוקט די טענה, אַז מען באַשווינדלט אים. אויף דעם פּונקט האָט ער פּשוט געקרענקט. אין אַזעלכע פאַלן

פלעגט ער אַריינפאַלן אין אַ ווייסער פוריע, געצאָרנט, שוים איז אים גערונען פון מויל:

— דו ווילסט אָפּנאַרן די יאַפּאַנישע מאַכט, מיך, מיסטער גאָיאַ (ער האָט גערן גערעדט וועגן זיך אין דער דריטער פּערזאָן), ווילסטו באַשווינדלען?

אַלע פּאָר טעג איז ער געפאַלן אויף נייע המצאות פון שיקאַנע און טעראָר, אַלע פּאָר טעג נייע גזירות. מענטשן וואָס האָבן געמוזט אָנקומען צו אים האָבן געלעבט אונטער אַ בפירושן גאָיאַ־פּסיכאָז. דאָס גיין צו אים פאַרלענגערן אַ פּאַס איז געווען אַ פּיין, וואָס האָט צוגענומען דעם שלאָף פון די אויגן. און אַז מען האָט שוין באַקומען פון אים דאָס שטעמפּעלע, מען איז אַרויס פון זיין צימער, האָט מען זיך געפילט אויסגעלייזט, מען האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַריבערגעצויגן אין געטאָ, בין איך אויך געוואָרן גאָיאַס קליענט. ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, פאַרלאַנגט פון מיר כלערליי צוגאָב־דאָקומענטן. צוגעשטעלט זיי, האָט ער פאַרלאַנגט נייע. דערביי האָט ער געשריגן און געזידלט דעם יידישן קלוב, מיין אַרבעטסגעבער:

— קאָרטן־שפּילער און שפּיאָנען זיצן דאָרט, אין יידישן קלוב, „דערטי פּיפּל" (שמוציקע מענטשן), שפּעקולאַנטן...

געווען ביי אים איין מאָל, אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל, ביז עס איז אים נמאס געוואָרן דאָס בלויזע שרייען און ער האָט זיך גענומען צום שלאָגן: באַשר, איך האָב אים באַשווינדלט. מיט וואָס באַשווינדלט? גיי טענה זיך אויס מיט אַ משוגענעם הונט. ער האָט מיך אַרויסגעפירט אויפן באַלקאָן און גענומען מיך שלאָגן מיט דער פויסט איבערן פּנים. איך בין געשטאַנען און פאַרעקשנט געקוקט אים אין די אויגן אַריין. עס האָט ווי געטאָן פיזיש און מאָראַליש. אַ דורשטיק געפיל פון האַס און נקמה האָט מיך באַהערשט. טאַנצט אַרום מיר אַזאַ נישטיק און קליין פאַרזעעניש וואָס שלאָגט רוצחיש, מיט סאַדיסטישער הנאה. אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס מוז ער זיך שטעלן, כדי קוים צו דערגרייכן צו מיין פּנים — ער טרעפט אין האַלדז. איך פיל: איין ליינג ער קריגט מיט דער פויסט איבערן קאָפּ און ער ליגט.

מיט אייזערנע כוחות האָב איך זיך באַמיט צו פאַרהאַלטן רואיק. אין האַלדז שטיקט. טרערן שטיקן פון ווייטיק און פאַרדרום

און נישט געשטילטן כעס. אָבער איך וועל נישט וויינען, נישט קיין קרום טאָן זיך אין די אויגן פון דער בעסטיע, נישט אַ וואקל טאָן זיך אַפילו. שטיין גלייך און שטייף, אויפנעמען און אויסהאַלטן די קלעפּ, ווי ער וואָלט געהאַקט אין אַ וואַנט... און גאָיאַ שלאָגט, וואָס ווייטער אַלץ מיט מער רציחה. מיט אַמאָל איז ער געבליבן שטיין, צוגעגאַנגען צו מיר נענטער און מיך אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס וויינסטו נישט?

איך האָב אים נישט געענטפערט, בלויז פאַרביסן אים געקוקט אין די אויגן אַריין. דאָס האָט אים משמעות נאָך מער צערייצט און ער האָט ווייטער גענומען שלאָגן.

די עקזעקוציע האָט געדויערט בערך אַ האַלבע שעה. ענדלעך האָט ער מיר צוריקגעגעבן אַלע פּאַפּירן און געהייסן אַוועקגיין אָן אַ פּאַס.

אָן ספק, גאָיאַ איז אַ פּאַטאָלאָגישער טיפּ, באַווירקט פון אַן אַפעקט, וואָס דאַרף פּסיכיאַטריש באַהאַנדלט ווערן, אַן אַפעקט פון פּערזענלעכער נישטיקייט און נאַציאָנאַלער מינדערווערטיקייט. גאָיאַ האָט אומעטום און אין אַלעם געזען ביטול און גרינגשעצונג צו אים און ער האָט דערמיט געקעמפט.

אָבער — גאָיאַ האָט אַרויסגעוויזן אַ סענטימענט פאַר קינדער. ביי זיין גאַנצער רשעות האָט ער געהאַט אַ סך איינזען פאַר דער שול־יוגנט. די לערן־אַנשטאַלטן האָבן זיך געפונען אויסערן געטאָ, האָט אויך די שול־יוגנט געמוזט צו אים אָנקומען נאָך „ספּעציעלע" פּעסער און זיי, די שילער, האָט ער באַהאַנדלט באַזונדערס מילד. געווען פאַלן, ווען ער האָט קינדער מכבד געווען מיט זיסוואַרג. איינמאָל איז צו אים געקומען אַ שילער און אָפּגעגעבן דעם פּאַס. געפרעגט די סיבה פאַרוואָס, האָט דאָס יונגל געענטפערט, אַז ער האָט אויפגעהערט צו גיין אין שול, ווייל די עלטערן האָבן נישט אויף קיין שכר־לימוד. גאָיאַ האָט פון זיין טאַש אַרויסגענומען געלט פאַר אַ חודש שכר־לימוד און געגעבן דעם יונגל צוזאַמען מיטן פּאַס: לערן זיך ווייטער און אין אַ חודש אַרום זאָלסטו זיך צו מיר מעלדן.

ביי איין שילערין האָט ער צוגענומען דעם פּאַס, ווייל ער איז געווען פאַרפּלעקט, שמוציק: אַ יאַפּאַנישן דאָקומענט — האָט גאָיאַ געמוסרט — דאַרף מען האַלטן ריין. אָבער צומאָרגנס האָט

זיך אין דער וואוינונג פון דער שילערין באַוויזן ער אַליין, גאַיאַ. די הויז־מענטשן זענען געשטאַנען טויט־בלאַס און מיט איבעראַשונג געקוקט אויפן אומגעריכטן, אומהיימלעכן גאַסט. גאַיאַ האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, ס'איז אים געפעלן געוואָרן. אין צימער איז געווען ריין, ציכטיק, אויפגערוימט. ער האָט זיך געווענדעט צו דער מוטער פון דער שילערין: איך זע אַז דו ביסט אַן אינטע־ליגענטע און קולטורעלע פרוי, ביי דיר אין דער וואוינונג איז זויבער, ווי קומט עס וואָס דיין טאָכטער האַלט אַזוי אָפּגעלאָזן דעם „ספּעציעלן" פּאַס? ער איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען, געקוקט אויף דער מוטער, אויף דער טאָכטער און לסוף זיך אָפּגערופן צו דער שילערין: קום צו מיר מאָרגן אין ביוראָ, וועל איך דיר געבן צוריק דיין פּאַס, אַ נייעם, אָבער זאָלסט אים שוינען. און ער איז אַוועק־געגאַנגען.

גאַיאַ האָט ליב געהאַט מוזיק. אַליין אַ פידלער־אַמאַטאָר, האָט מען אים געזען אויף אַלע מוזיקאַלישע אימפּרעזעס אין געטאָ. מענטשן פון דאָזיקן פאַך האָבן ביי אים געהאַט אַ סך מזל. בלויז אין איין פאַל האָט אים געכאַפּט אַ משוגענע מינוט און ער האָט אַ מוזיקער אָפּגעזאָגט דעם פּאַס, ווייל עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן דער נאָמען פונם דאָזיקן מוזיקער:

— ווען דו הייסט בעטהאָווען, מאָצאַרט אָדער שובערט, וואָלסט ביי מיר געקריגן אַ פּאַס און אויף זעקס חדשים; דער מוזיקער אַזוי און אַזוי קריגט נישט ביי מיר קיין פּאַס, מיסטער גאַיאַ האָט נישט ליב אַ מוזיקער מיט אַזאַ נאָמען, אַזאַ מוזיקער קען זיצן אין דער היים.

להיפּוך צו זיין שעף, קובאַטאַ, איז גאַיאַ נישט געווען קיין לאַפּקע־בחור, אים האָט מען נישט געקענט איבערקויפן. דאָס איז געווען אַ געוואַלדיקער חסרון... ער האָט איינמאָל צעשלאָגן אַ דייטשן ייד דערפאַר, ווייל יענער, אַ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט אים אויף ניי־יאָר צוגעשיקט אַהיים עטלעכע פלאַשן וויין.

— מיסטער גאַיאַ דאַרף נישט דיין וויין — האָט ער געשריגן — ביסט רייך און האָסט נישט וואָס צו טאָן מיט דיין געלט, גיב עס אַוועק אָרעמעלייט, פאַראַן אַ סך אַזעלכע אין געטאָ...

און טראָץ דעם אַלעם איז גאַיאַ געווען און געבליבן די שרעק פון געטאָ.

# עמך

יידן זענען א פאָלק פון צדקה, פון ברידערלעכער הילף. דאָס איז נישט בלויז א זאַך פון מצווה, דאָס ליגט אין בלוט, און אין בלוט אַריין איז די דאָזיקע מצווה געקומען נישט דורך רעוואָלוציעס, נאָר דורך היסטאָרישע פאַקטאָרן, דורך טיפע היסטאָרישע סיבות. נסיונות און פיין האָבן די דאָזיקע מידה דערפירט צום באַוואוסטזיין, גורל־געמיינשאַפט און אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג האָבן דאָס בלוט אין די אָדערן פאַרסמט מיט דער דאָזיקער מידה. דאָס געפיל, אָדער דאָס באַוואוסטזיין, אַז „היינט — דו און מאָרגן קאָן זיין, אַז — איך" דאָמינירט, אַפּעלירט און איז משפיע דערויף, אַז ווען אַ ייד געפינט זיך אין אַן עת־צרה, זאָל אים אַ צווייטער ייד קומען צו הילף. ער פרעגט אים נישט דעמאָלט וואָסער ייד ער איז — אַ פרומער צי אַ וועלטלעכער, ער קאָנטראָלירט נישט ביי אים דעמאָלט זיין פּאָליטישן פּאַס און אוודאי פרעגט ער אים דעמאָלט נישט פון וואַנען ער איז. עס איז גענוג, אַז ער איז אַ ייד וואָס נויטיקט זיך אין הילף.

אין דער הינזיכט זענען די אַנטיסעמיטן גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן „אינטערנאַציאָנאַל יידנטום", וואָס ווייס נישט פון קיין גרענעצן צווישן לענדער, קלאַסן און איבערצייגונגען. און קומט אויס אַ ייד צו לויפן איבער שטאָק און איבער שטיין, איבער קאָנטינענטן און לענדער, און מען קומט אָן אין אַן אָרט וואו עס זענען דאָ יידן — איז מען נישט קיין פאַרלוירענער.

ווען יידן זענען געלאָפן איבער פּוילישע שטעט און שטעטלעך אין 1939, האָבן יידן־עמך זיי אויפגענומען ווי ברידער און ווי ברידער געהאָלפן. אין מיין פּליטימשאַפט האָב איך צוזאַמען מיט נאָך פינף יידן אָנגעשפּאַרט אין אַ וואָלינער דאָרף. אָנגעקומען אַהין אין מיטן דער נאַכט און אָנגעטראָפן אויף אַן איין־איינציקן ייד. אַן אָרעמער קרעמער, האָט ער די בעטן זיינע אַוועקגעגעבן און מיטן עסן זיך געטיילט.

געקומען קיין קאָוועל אין מיטן דער נאַכט און פאַרקראָכן ערגעץ אין אַ פינצטערן קאָרידאָר, כדי אָוועקצולייגן די מידע ביינער. האָט זיך אַ טיר געעפנט, אַ יונגע יידישע פרוי האָט זיך באַוויזן. דערזען יידן, האָט זי אונדז אין איר שטוב אַריינגעבעטן, דאָס בעטגעוואַנט אויף דער ערד אויסגעלייגט — אַ געלעגער פאַר זעקס מידע וואַנדערער.

עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין לוצק. טויזנטער פּליטים האָבן די דאָזיקע שטאָט פאַרפּלייצט. נישט געווען וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן. פול אין די בתי־תפילות, פול באַלייגט מיט פּליטים איז דער באָדן פון אָרטיקן קינאָ. אַ יונגע יידישע פרוי — איינזאַם און עלנט, אָן אַן אויבער־בגד (שוין געווען טיפער הערבסט) און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה האָט זיך דעם גאַנצן טאָג אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט, נישט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן. אַז עס האָט צוגעשלאָגן די נאַכט אין דער פרעמדער שטאָט, איז זי אַוועק צום אָרטיקן רב. דער רב איז אַוועק אין שטאָט, געשאַפן פאַר דער פרוי אַן אָרט צום שלאָפן און איר מיטגעגעבן אין טאַש אַריין צען גילדן:

— אַ יידיש קינד אין אַ פרעמדער שטאָט טאָר נישט פאַרבלייבן אויף דער גאַס, אָן אַ נאַכטלעגער און אָן אַ ביסל געלט מיט זיך...

אויפן וועג קיין ווילנע האָבן זיך עטלעכע צענדליק יידישע שרייבער מיט זייערע משפחות פאַרהאַלטן אויף איבער נאַכט אין אַ קליין שטעטל אין רייסן — אין לונינייעץ. אין דער גרופּע האָט זיך געפונען איינער וואָס האָט געהאַט מיט זיך זיין פרוי און צוויי קליינע קינדער. אַ שווערע זאַך געווען צו קריגן אַן אָרט צום שלאָפן פאַר אַ גאַנצער משפחה. דער רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער אָרטאָדאָקסישן „טאָגבלאַט", דוד פלינקער, איז אַוועק צום אָרטיקן רב, אַ ישיש פון זיבעציק יאָר, קראַנק און צעבראָכן. דער רב האָט אָפּגעגעבן זיין שלאָף־צימער מיט די צוויי בעטן פאַר דעם פאָרפאָלק מיט די קינדער. פלינקער האָט דערביי געהאַלטן פאַר נויטיק צו זאָגן דעם רב, אַז די געסט זענען נישט קיין רעליגיעזע מענטשן.

— געוווג פאַר מיר, אַז דאָס זענען יידן און ווייטער פרעג איך נישט — האָט דער רב געענטפערט.

פאַרטאָג, אַז די געסט האָבן זיך אויפגעהויבן, כדי אָוועקצוגיין

צו דער באַן, האָט דער רב אַרויסגענומען 25 גילדן, כדי צו געבן דער אָפּפּאָרנדיקער פּליטים־משפּחה אין וועג אַריין.

— האָט נישט פּאַראיבל, מיין גאַנץ פּאַרמעגן טרעפט אָן 50 גילדן, טייל איך זיך מיט אייך.

נישט געוואָלט נעמען, האָט זיך דער רב געבעטן:

— לאָזט מיך טאָן די מצווה, איר זענט מיט קינדער אין דער פּרעמד, אונטערוועגס, איר קאָנט דאָס געלט באַדאַרפן; איך בין פּונדעסטוועגן אויפן אָרט נאָך דערווייל, ביי זיך אין דער היים, איך וועל מיר אַן עצה געבן.

קיין ווילנע זענען זיך צונויפגעקומען אַרום צען טויזנט יידישע פּליטים. קיינער איז נישט פּאַרבליבן אויף דער גאַס, קיינער — אָן עסן, באַקליידונג, מעדיצינישע הילף. געווען אין ווילנע אין דער זעלבער צייט זייער אַ סך פּליטים־פּאָליאַקן. די שטאָט אַליין — באַוואוינט דורך צענדליקער טויזנטער פּאָליאַקן. אָבער די פּליטים־פּאָליאַקן האָבן זיך געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. די ערשטע הילף האָבן זיי געקראָגן פון — יידן...

ווי אַזוי דאָס ליטווישע יידנטום האָט אויפגענומען די יידישע פּליטים — דאָס איז אַ קאַפּיטל וואָס פאַרדינט באַזונדער און באַריכותדיק באַשריבן צו ווערן. נישט בלויז די מאַטעריעלע הילף בשפע, נאָר טאַקע אויך די מאָראַלישע הילף זייערע. ליטווישע יידן האָבן געעפנט נישט בלויז זייערע וואַרעמע און זאַטע היימען און די בייטלען פאַר די יידישע פּליטים. מען האָט ברייט געעפנט אויך די יידישע הערצער און פאַרוואָגלטע מענטשן האָבן זיך צווישן די ליטווישע יידן דערפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

זענען געקומען יידן, פּליטים פון ווילנע, קיין קאָבע, יאַפּאַן, און דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ קליינער יידישער קהילה. יידן זענען אָנגעקומען מיט יאַפּאַנישע טראַנזיט־וויזעס — אמתע און געפעלשטע און אפילו אָן וויזעס אין גאַנצן און אָן דער מעגלעכקייט ווייטער צו פאָרן. קאָבער יידן האָבן אַלץ גענומען אויף זיך: געהאָלפן אַראָפּנעמען פון דער שיף, געגעבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, געגעבן אַ שטיקל ברויט, געגעבן שוץ. אַזוי איז עס אויך געווען אין שאַנכיי.

אין שאַנכיי האָבן זיך געפונען אויך עטלעכע פּוילישע פּליטים־קריסטן. פאַראַן אין שטאָט אַ גרעסערע קאָלאָניע פּאָליאַקן־רעזידענטן, אַ גלח מיט אַ פּאַראַפיע. אָבער די פּליטים־פּאָליאַקן זענען צו זיי

נישט אָנגעקומען, האָבן פון זיי קיין הילף נישט באַקומען. די עטלעכע פּאָליאַקן וואָלטן אויסגעגאַנגען פאַר אַ כּיכר לחם, ווען נישט די יידן.

איז אָנגעקומען פון לעמבערג קיין שאַנכיי אַ כינעזער מיט אַ פּוילישע ווייב און דריי קינדער — רעפּאַטריאַנטן. וואַלגערט זיך די דאָזיקע משפּחה אַרום איבער די שאַנכייער גאַסן. די פּוילישע פרוי איז אוועק אין פּוילישן קאָנסולאַט, געבעטן הילף, אָבער מען האָט איר דאָרט געהאָלפן קרעכצן... אַוועק צו די שאַנכייער פּאָליאַקן־רעזידענטן, צום פאַרבאַנד פון פּאָליאַקן אין כינע, צום גלח, האָט מען איר אויך דאָרט געהאָלפן קרעכצן. עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך די דאָזיקע פרוי געזען גיין איבער די הייזער אין האָנקיו־דיסטריקט, אין צענטער פון די יידישע פּליטים — זי בעטלט.

אין דער זעלבער צייט איז קיין שאַנכיי אָנגעקומען נאָך אַ רעפּאַטריאַנטן־משפּחה פון ווין, אויך אַ כינעזער מיט אַ יידישער פרוי און צוויי קינדער: אַ יונגעלע פון 12 יאָר — פונם ערשטן מאַן, אַ ייד, און אַ מיידעלע פון צוויי יאָר — פון טאַטן דעם כינעזער, אַ מישלינג, הייסט עס, האַלב וויים, האַלב געל... די פרוי מיטן יונגעלע האָבן זייער לעבן צו פאַרדאַנקען טאַקע דעם כינעזער, וועלכער האָט זיי אַרויסגעראַטעוועט פון די נאַצישע נעגל שוין געווען באַשטימט זיי אָפּצושיקן קיין אוישוויץ צום פאַרברענען און עס איז דעם כינעזער געלונגען זיי אַרויסצושלעפּן און אויסצובאַהאַלטן. פון דאַנקבאַרקייט האָט די יידישע פרוי חתונה געהאַט מיטן כינעזער. געקומען אַהער אדם־נאַקעט, האָט מען קודם־כּל ביים דעם פּאָרפּאָלק צוגענומען די קינדער און זיי איינגעאָרדנט אין אַ קינדער־היים ביים „דזשאָינט", דאָס יונגעלע באַזאָרגט אין אַ יידישער שול. דאָס פּאָר־פּאָלק האָט מען באַקליידט, געגעבן אַ ביסל געלט, זיי זאָלן זיך קאָנען שטעלן אויף די פיס.

רירנדיק איז אונדזער עמך.

אין צענטער פון די יידישע פּליטים און עמיגראַנטן אין שאַנכיי, אין האָנקיו־דיסטריקט, איז פאַראַן אַ יידישע קאַפע, וואו עמך קומט זיך צונויף אויף אַ גלעזל קאַווע. האָב איך ביינעוואוינט אַ סצענע, ווי מען האָט דאָס דאָזיקע פּאָרפּאָלק אויפגענומען אין דער קאַפע. אַז דאָס פּאָרפּאָלק מיט די קינדער איז געוועזן די סענסאַציע פון קאַפע — איז קלאָר. ס'איז גאָר נישט אַזאַ אָפּטע דערשיינונג: אַ

יידישע פרוי אַלס ווייב פון אַ כינעזער מיט אַ קינד — חצי־כינעזיש, חצי־יידיש. דער שידוך ווי דער שידוך, ער האָט ביי עמך קיין גרויס פרייד נישט אַרויסגערופן. דאַקעגן האָט אומגעהויער געווירקט דער פאַקט, אַז די יידישע פרוי מיט איר קינד האָבן זייער לעבן צו פאַרדאַנקען דעם כינעזער. די פרוי מאַכט אַ זייער סימפּאַטישן איינדרוק: ציכטיק, אפילו אינטעליגענט אינם אויסזען. באַזונדערס סימפּאַטיש האָט געווירקט דאָס יונגעלע אַלבערט טשין (אויפן נאָמען פון זיין שטיפטאַטן, דעם כינעזער). יידן זענען זיי? — האָט זיך דאָס יידישע האַרץ ביי עמך אָפּגערופן, עס האָט זיי אַ נעם געטאָן פאַרן פּופּיק. אין משך פון מינוטן האָט מען דער פרוי צוגעטראָגן אַ מתנה — 75 טויזנט שאַנכייער דאָלאַר (20 אַמעריקאַנער). צום טישל פון דעם דאָזיקן פּאָרפאָלק האָט מען דערלאַנגט די אמתע קאַווע מיט קרים און טאָרט און די קינדער האָט מען פאַרשאָטן מיט זיסקייטן.

וואָס־וואָס — די יידישע פרוי פונם כינעזישן מאַן וועט שוין איבער די הייזער נישט גיין. און דאָס וויכטיקסטע — די קינדער, זיי זענען געווים אין גוטע הענט, אונטער אַ גוטער השגחה.

אַז מען רעדט וועגן עמך: אַנומלט בין איך געווען אין האַנדלס־צענטער פון שטאָט, דאָרט וואו עס גייט אָן דער משוגענער טאַנץ אַרום כלערליי געשעפטן. פּלוצלונג האָב איך דערזען איינעם פון די יידישע פּליטים אַרומשמייען איבער דער גאַס, פרעג איך אים, וואָס עס איז געשען.

— גאָרנישט — ענטפערט ער — איך בין מכבד מיט „מפטיר". עס הייסט — אַ ייד, אַ פּליט, פאָרט אָפּ קיין פּאַריז, אַן אביון, שאַף איך אַ ביסל געלט פאַר אים אין וועג אַריין, ער זאָל נישט אָנקומען קיין פּאַריז מיט ליידיקע הענט. געשטעלט פאַר אַ ציל צוויי הונדערט אַמעריקאַנער דאָלאַר, עס פעלט מיר נאָך אַ פּופציקער, דאָס געלט וועט זיין.

אַזוי זענען יידן און אוודאי עמכדיקע יידן, די פּאָלקס־מענטשן, די יידן אָן פּרעטענזיעס, אָבער פאַר דאָס — יידן מיט אַ סך האַרץ און אוממיטלבאַרקייט ביים העלפן אַ צווייטן ייד אין אַ נויט.

עס איז נישט צדקה. עס איז מענטשלעכע, ברידערלעכע הילף. איבעריקנס, רופט עס ווי איר ווילט: עס איז און עס בלייבט דאָס ווענזנטלעכסטע אין דער גורלדיקער געשיכטע און אין גורלדיקן לעבן פון פאָלק.

# אַ טראַמוויי־שטרייק אין שאַנכיי

שטרייקן? עס קומען פּאַר שטרייקן. צום וויניקסטן זענען זיי אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דורך די פּאַראיינען. און אויב שוין יאָ, זענען דאָס שטרייקן בלויז פּאַר העכערע שכירות, ווייל די אינפלאַציע, דער יקרות אויף אַרטיקלען פון ערשטן געברויך, און קודם־כל רייז, מאַכט איבער נאַכט אַ תל פון די אַזוי אויך נישטיקע הונגער־לוינען.

שטרייקן פון אַן אַנדערן מין און כאַראַקטער, פּאַר אַן אַנדערער פאָדערונג, איז אין שאַנכיי בכלל נישטאָ. דער רוב שטרייקן זענען ספּאָנטאַנע, אַנאַרכישע און זיי ברעכן אויס נאָר דעמאָלט, ווען דער חלף ליגט שוין אויפן האַלדז, ווען עס איז שוין נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. די דאָזיקע שטרייקן און אפילו דעמאָנסטראַציעס זענען אָפט מאָל דאָ זייער אייגנאַרטיק און אייגציק אין זייער פאָרם.

אַ שטרייק, למשל, אין די טראַמווייען און אויטאָבוסן: דער פאַרקער איז נישט געשטערט, ער קומט פאָר נאָרמאַל, דער מאָטאָר־פירער ביי זיין מאָטאָר און דער קאָנדוקטאָר — אין וואַגאָן. נישט מער, דער קאָנדוקטאָר מאָנט נישט אויף פאַר די בילעטן. מען פאָרט אומזיסט.

אַ צווייטער אופן פון שטרייק און אין די זעלבע אונטערנע־מונגען: דאָס מאָל סאַבאָטירט נישט דער קאָנדוקטאָר, ער טוט זיינס, ער קאַסירט איין פאַר די בילעטן. דער מאָטאָר־פירער סאַבאָטירט, ער פאָרט אַזוי, אַז דאָס גאַנצע פאָרן ווערט נמאס, קוים וואָס ער רירט זיך פון אָרט. מען קען דריי מאָל דורכמאַכן די זעלבע שטרעקע צופוס און דער טראַמוויי איז נאָך אַלץ אין וועג. ער פאָרט פאַרביי סטאַציעס, וואו ער שטעלט זיך אין גאַנצן נישט אָפּ; דערפאַר שטעלט ער זיך אָפּ אין וועג צווישן איין סטאַציע און דער אַנדערער, מען ווייסט נישט וואו מען קען איינשטייגן און עס קומט אויס אויסצושטייגן נישט דאָרט וואו מען דאַרף. שטעלט ער זיך אָפּ, פאַר־געסט ער צו פאָרן ווייטער. ער שטייט אַזוי לאַנג ביז פון הינטן

שאַפט זיך אַ לאַנגע ריי טראַמווייען, וואָס ווילן כלומרשט דעם וועג צו פאָרן ווייטער און עס ווערט דעמאָלט אַ קלינגעריי, אַ קלאַפעריי און אַ געשריי — טויב צו ווערן.

דאָס זענען שטרייקן פון קוואַליפיצירטע אַרבעטער. ס׳איז נישט אַזוי לייכט דאָ צו געפינען אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען ברעכן דעם שטרייק און די וואָס פּרובירן אים ברעכן, קענען זיך נישט קיין עצה געבן מיטן שטרייקנדיקן טייל וואָס סאַבאָטירט. שטרייק־ברעכעריי איז אין אַזאַ שטאָט ווי שאַנכיי געווים נישט קיין נייעס און אין אונטערנעמונגען, וואו שטרייק־ברעכעריי איז מעגלעך, ווערט עס טאַקע אויסגענוצט אין דער פולסטער מאָס. טרעפט עס אמאָל, אַז די שטרייקנדיקע פּיקעטן באַפאַלן די שטרייק־ברעכער — מישט זיך אַריין די פּאָליציי וואָס שלאָגט, צעמזיקט די שטרייקערס. מען אַרעסטירט נישט, נאָר מען שלאָגט און די ווירקונג איז זייער אַ גוטע, אַן אויספּרובירט מיטל...

אין דער צייט פון דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע זענען כמעט קיין שטרייקן נישט געווען, יעדנפאַלס נישט אין אַנשטאַלטן פון עפנטלעכן געברויך. האָבן אַרבעטער אין די טראַמווייען און טראָלים אויסגעאַרבעט פאַר זיך בעסערע שכירות דורך דעם, וואָס זיי זענען געוואָרן פאַקטישע שותפים צו דער הכנסה פון די אונטערנע־מונגען. און געמאַכט האָט מען דאָס גאַנץ איינפאַך: דער קאָנדוקטאָר האָט אין דער פרי אויספאַרקויפט בילעטן פאַר אַלע זיינע פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן און ביים אויסשטייגן די זעלבע בילעטן צוריקגענומען. שפּעטער האָט ער מיט זיי, אין משך פון גאַנצן טאָג, געהאַנדלט, פאַרקויפט, איינקאַסירט און ווידער אמאָל פאַרקויפט. אַ שותף דערצו איז, פאַרשטייט זיך, אויך דער מאָטאָר־פירער.

קאָנטראָלערן? אויך זיי זענען געווען שותפים, אפילו צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון איינקאַסירן די בילעטן ביים אויסשטייגן. דאָס האָט כלומרשט געהייסן — מען קאָנטראָלירט די פּאַסאַזשירן, צי עס איז נישטאָ עמיצער אָן אַ בילעט.

דאָס איז געמאַכט געוואָרן אָפן און פריי, פאַר אַלעמען אין די אויגן און ביי דער שטילער מיטהילף און סאָלידאַריטעט אפילו פון די פּאַסאַזשירן אַליין — כינעזער און ווייסע.

וואָס האָט געטאָן די דירעקציע? זי האָט איינגעפירט פאַרקויף־שטעלעס פון בילעטן אויף דער גאַס און ביים אַריינגאַנג אין טראַמוויי

האָט מען קאָנטראָלירט די פּאַסאַזשירן צי זיי האָבן בילעטן. אָן א בילעט האָט מען נישט אַריינגעלאָזט אין טראַמוויי. אָבער די טראַמוויי־אַרבעטער האָבן דערויף אויך געפונען אַן עצה: זיי האָבן ווייטער ביים אויסשטייגן איינקאַסירט די בילעטן, דערנאָך זיי גלייכ־געלייגט אין פּעקלעך, וועלכע מען האָט צוריקגעגעבן אין די פּאַרקויף־שטעלעס, וועלכע האָבן די זעלבע בילעטן ווייטער פאַרקויפט און מיטן ריווח זיך געטיילט מיט די קאָנדוקטאָרן און מאָטאָר־פירער.

* * *

אין אַלגעמיין הערשט צווישן דער אומגעהויערער אויסזיכט־לאָזער, הונגעריקער אָבער נישט פאַרצווייפלטער כינעזישער אָרעמקייט, פון וועלכער עס רעקרוטירט זיך אויך דער קליינער שיכט פּראָפּע־סיאָנעל „אָרגאַניזירטע" אַרבעטער, און די שאַנכייער מאַגנאַטן און געלט־זעק אַ בורג־פרידן. יעדער האָט דאָ אַפּריאָרי שלום געמאַכט מיט זיין גורל. פּונקט ווי דער קאַפּיטאַליסט קוקט אויף דער גאַנצער מאַסע ווי אויף אַרבעטס־פערד, פון וועלכע מען קען און מען דאַרף אַרויסציען דעם מאַקסימום נוצן און פּראָפיט פאַר זיך, פּונקט אַזוי קוקט אויף זיך אַליין דער כינעזישער קולי ווי אויף אַ נידעריק באַשעפעניש, געבוירן צו אַרבעטן, שווער צו אַרבעטן, האָפענונגסלאָז צו אַרבעטן און גאָר נישט מער. אין זיין ברויט־געבער זעט ער דאָס העכערע וועזן, וועלכער האָט דאָס רעכט, וועמען עס קומט דאָס בעסערע לעבן. ער זעט עס דורך דער גרויס פון אָנגעזאַמלטן גאָלד און גוטס, ער זעט עס דורך זיין מאַכט און דורך דער אייגענער הילפ־ און מאַכטלאָזיקייט.

די ווייט־גרעסטע מאַסע כינעזישע אַרבעטער אין שאַנכיי איז סתם אָרעמקייט: דעזאָרגאַניזירטע, כאַאָטישע אָרעמקייט.

האַנטווערקער — זעלטענע בעל־מלאכות, פאַכלייט מיט גאָלדענע הענט. זיי טריקענען זיך אויס די לונגען אין שטויב ביים אויסקלאַפּן די טייערסטע כינעזישע וואַטע. שטעפּער, גראַווירער־שניצער פון האָלץ, ביין און גלאָז; שטריקער, שטיקער און וועבער, שוסטער און שניידער — ערשטקלאַסיקע פאַכלייט. די גאַנצע דאַמען־קאָנ־פעקציע, איינשליסלעך אייראָפּעאישע אַרבעט, געפינט זיך ביי די כינעזער אין די הענט, אין די הענט פון כאַלופּניקעס. די טייערסטע אַרבעט ווערט זיי געגעבן צום אויספאַרטיקן. אין אַ כינעזישער נאָרע

ווערט די אַרבעט געמאַכט. עס אַרבעטן דערביי צו פינף, צען כינעזישע יונגלעך מיט אַ „נאַמבער 1" און דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז, וואָס מען קען זיי, די דאָזיקע כאַלופּניקעס, אָנטרויען די סחורה. אָפטמאָל ווייסט מען אפילו נישט וואו אַזאַ כאַלופּניק וואוינט. ער קומט צום אונטערנעמער, באַקומט אַ סכום סחורה און מיט אַ וואָך שפּעטער ברענגט ער צוריק פאַרטיקע קליידער. נישטאָ דאָ די מורא פאַר גנבה. פאַרקערט, אַרבעטנדיק ביי אַ ווייסן אין אַ וואַרשטאַט, דערלויבן זיך די כינעזער גאַנץ אָפט אויף גנבות, און יעדע זאַך איז ביי זיי אַ קרן, פון אַ קלייד ביז אַ קאָלנערל איז ער גרייט צוצולקחענען, אויב מען היט אים נישט, און אפילו אַז מען היט אים געשעען גנבות. נישט מעגלעך כמעט אָפּצוהיטן. ביי זיך אַליין, אָבער, ביים כאַלופּניק, וועט ער נישט גנבענען.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון אַ כינעזער געהערט אויך דער פאַקט, וואָס ער איז נישט צוגעבונדן צום אַרבעטס־פּלאַץ און נישט צו זיין אַרבעט גופא. אַ כינעזער אַרבעט בלויז דעמאָלט ווען ער דאַרף עסן. האָט ער אַ טאָג עסן צו דער זעט — אַרבעט ער נישט. געשעעט טאַקע, אַז נאָך אַ וואָך צי צוויי אַרבעטן, ווען ער באַקומט זיינע שכירות, גייט ער אַוועק און קומט נישט מער צוריק צו דער אַרבעט. ער קומט צוריק מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען ער האָט שוין אויפגעגעסן דעם לעצטן גראָשן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל, און אַ געגנוג אייגנאַרטיקס, זענען די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין די אַזוי גערופענע פאַמיליע־אונ־טערנעמונגען. אַזעלכע אונטערנעמונגען זענען אין שאַנכיי פאַראַן אין די פיל, פיל טויזנטער. דאָס זענען אונטערנעמונגען פון כינעזישן מיטלשטאַנד, קלענערע און גרעסערע וואַרשטאַטן און קראָמען. דאָס איז נישט נאָר אַ דערשיינונג אין שאַנכיי, דאָס איז אַ כינעזישע דערשיינונג און האָט צו טאָן מיט אַן איינגעוואָרצלט געפיל און טראַדיציע, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר כינע און איז דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער סטרוקטור פון כינעזישן לעבן.

דאָס פאַמיליע־געפיל איז ביי די כינעזער אומגעהויער אַנטוויקלט. דאָס דאָזיקע געפיל פאַרנעמט דעם אָרט פון מלוכה און קלאַסן־געפיל. אין אַ כינעזיש געוועלב אָדער פאַבריק אַרבעטן צענדליקער כינעזער — אַלע קרובים פון באַלעבאָס: זיינע קינדער, זיינע און דעם ווייבס ברידער און קינדער און שוועסטער־קינדער, קוזינען.

אַלע זענען אַרבעטער, אַלע אַרבעטן אין דער אונטערנעמונג און זענען איינציייטיק שותפים צו דער אונטערנעמונג, אַלע אויף די זעלבע רעכט און באַדינגונגען. אַלע עסן רייז פון איין טאָפּ ביי אַ טיש אין דער אונטערנעמונג, אין פאַבריק אָדער געוועלב, און צוזאַמען מיטן באַלעבאָס און זיין גאַנץ הויזגעזינד. אַלע האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווערן באַקליידט און באַנייט און ווערן באַזאָרגט מיט פּראָוויזיע פאַרן גאַנצן יאָר און קריגן אַ חלק פון דער הכנסה און פון דעם ריווח. די באָנוסן ווערן על פּי רוב אויסגעצאָלט פּאָרמעל, פאַקטיש בלייבן זיי ליגן אין דער קאַסע פון דער אונטערנעמונג. דאָס געשעפט אַנטוויקלט זיך, וואַקסט, פאַרגרעסערט זיך און צוזאַמען דערמיט פאַרגרעסערט זיך אויך דער חלק און שותפות פון יעדן אַרבעטער און ממילא אויך דער ריווח.

דער דאָזיקער מין פּראָלעטאַריאַט שטעלט מיט זיך פאָר דעם רוב פון דער שאַנכייער אַרבעטערשאַפט, וויניקסטנס דעם ווייטגרעסטן טייל פון אים. ער שטרייקט קיינמאָל נישט, ווייל ער הונגערט נישט. זיין סאָלידאַריטעט ענדיקט זיך ביי דער טיר פון דער אונטערנעמונג, אין וועלכער ער אַרבעט. דאָרט איז קאָנצענטרירט זיין גאַנצע סאָלידאַריטעט און הינטישע טרייקייט און פליים. אַ גאַנץ לעבן קען ער אָפּלעבן און נישט האָבן מער ווי עסן, שלאָפן און קליידונג, אָבער מיט אַמאָל קען ער ביי איין כינעזישן ניי־יאָר פאַקטיש אָפּנעמען אין מזומן אַלץ, וואָס עס האָט זיך פאַר דער צייט, אין משך פון יאָרן, אָנגעזאַמלט אין דעם פאַמיליע־קאָאָפּעראַטיוו, אַרויסטרעטן פון דאָרט און אַליין, אויף אייגענער האַנט, שאַפן אַן אונטערנעמונג אויף די זעלבע קאָאָפּעראַטיווע יסודות ווי די אין וועלכער ער האָט געאַרבעט פריער, מיט דעם אונטערשיד, וואָס איצט איז ער שוין אַליין אַן אַרויפגעאַרבעטער, אַ באָס.

טרעט ער נישט אַרויס פון דעם פאַמיליע־קאָאָפּעראַטיוו, איז ער דערפאַר אַסעקורירט מיט איין זייער וויכטיקער זאַך, די וויכטיקסטע אינם לעבן פון יעדן כינעזער: נאָכן טויט וועט אים די פירמע באַזאָרגן מיט אַ דעמבענעם אָרון, אַ קרקע און אַ לוויה מיט אַלע גוטע זאַכן אין וועג אַריין אויף יענער וועלט — מלבושים, אַ קאָפּער, אַן אייגן הויז, און דער עיקר, געלט, באַנקנאָטן און טשעקן אַ מטמון, ער זאָל האָבן דאָרט, אויף יענער וועלט, פון וואַנען צו לעבן. וואָס רייכער איינער איז, אַלץ מער שיקט מען אים מיט און מען זיכערט

אים אזוי אַרום אַ גוטע „עקזיסטענץ" מיט כל־טוב. גאָר אַ וויכטיקער ענין ביי אַ כינעזער, ביי יעדן אָן אויסנאַם.

אַ דינער שיכט אַרבעט באַוואוסטזיניק, כדי צו שאַפן פאַר דעם כינעזישן ריז מאָדערנע, נאַציאָנאַלע און מלוכהשע לעבנס־פאָרמען. די דאָזיקע כינעזער ווייסן וואָס זיי ווילן, פונקט ווי זיי ווייסן, אַז דער ווילן זייערע שטייגט אַריבער די מעגלעכקייטן, ווייל זיי זענען אַ טראָפּן אין גרויסן כינעזישן ים און עס וועט נאָך דאַרפן לאַנג, זייער לאַנג דויערן ביז זיי וועלן אים, דעם דאָזיקן ים, קענען דערגרונטעווען.

שאַנכיי, 1946.

# מיין געזעגענונג מיט שאַנכיי

גאָטס אויג וואַכט נישט איבער שאַנכיי.

איך האָב פיל מאָל אויסגעמאָסטן די דאָזיקע שטאָט אין איר לענג און ברייט. עשירות און נויט איז פאַראַן אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער אין ערגעץ איז די עשירות נישט אַזוי צעלאָזן און די נויט נישט אַזוי הפקר ווי דאָ, אין שאַנכיי. איך האָב געזען הייזער־בלאָקן אויסגעבעט מיט שפע און רו, איבערגעלאָדן מיט זאַט־קייט און מנוחה. סאַסונס געוועזענער משרת, דער ייד האַרדון, מיט זיין כינעזישע ווייב, די געוועזענע שניידערין, האָבן איבערגעלאָזן אַ ירושה פון „עפּעס" אַ דריי־הונדערט מיליאָן אַמעריקאַנער דאָלאַר. פאַראַן כינעזישע מאַגנאַטן, וואָס ווייסן אַליין נישט, ווי גרויס עס איז זייער פאַרמעגן, וויפיל זיי פאַרמאָגן. שאַנכיי ציילט בערך פינף מיליאָן איינוואוינער, די שטאָט איז ברייט, רחבותדיק צעוואָקסן און אין ראַנד פון דער שטאָט זיצן איינגעגראָבן ביז דער העלפט אין דער ערד ליים־שטיבלעך — נאַסע, פינצטערע און שמוציקע נאָרעס, וואו עס לעבט די כינעזישע אָרעמקייט. אָבער אויך דאָ, אפילו דאָ, גליטשט זיך דער באָדן אַפּער פון אונטער די באָרוועסע פיס. עס וואַקסן דאָרט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן איין־ און צוויי־שטאָקיקע פּאַלאַצלעך, וואָס שטופּן אַרויס די ליימיקע נאָרעס צוזאַמען מיט די איינוואוינער אויף דער הפקרדיקער גאַס. אַרום יעדן פּאַלאַץ וואַקסן אויס הויכע פּלויטן און פאַר די ליים־הייזלעך ווערט וואָס ווייטער אַלץ ענגער דער שטח. ווי אַ זכר לטיט זעט מען נאָך דאָרט איינצלנע אַזעלכע ליים־נאָרעס. פאַרשעמטע שטעקן זיי די פינצטערע קעפּ פון דער ערד אַרויס, פאַרשוויגן און הכנעהדיק, פול מיט סבלנות און נאָכגיביקייט צום ביטערן מזל, שטייט דער כינעזישער קולי ביי זיין ליימיק קבר און פאַר זיין רחבותדיק־שטאָלץ געמויערטן ווי־זאַ־ווי און ער וואַרט אויף זיין ריי...

איך האָב געזען די שאַנכייער רולעט און באַקאַראַ־הייזער, וואו פאַרמעגנס ווערן געוואָרפן אויפן שפּיל־טיש מיט דער לייכטקייט פון

איינעם, וואָס וואַרפט אַוועק אַן אויסגעברענט שוועבעלע; געזען די אָפּיום־שטובן, וואו מען ליגט פאַרשיכורט און שלעפעריק און מען זייגט אין זיך אַריין דעם זיסלעכן טשאַד, אַז די אויגן ברענען אין באַרוישטן תענוג און אין דרויסן, אויף דער גאַס, ראַיעט אַרום ווי פליגן אַרום אַ פגר, אַ צעהפקרטע און שמוציקע נויט, וואָס בעטלט אין ליאַרעם און אין וויסן געפּילדער.

איך האָב געזען עסן די קאָרע פון די ביימער פון הונגער; געזען מענטשלעכע הענט גראַבלען אין מיסט־קאַסטנס און אין הינטישער גיריקייט עסן די אַוועקגעוואָרפענע רעשטלעך פון שפּייז פון מיסט־קאַסטן אַרויסגעשלעפּט; געזען מענטשן־קינדער אין גרעסטן פאַר־געניגן און אייפעריקער לעבנס־פרייד לויזן זיך אונטער דער נאַקעטער און היים־צעגליטער זון, אונטערן פרייען הימל, אויף די באַלעבטסטע און רחבותדיקסטע גאַסן און — עסן די לייז אַראָפּגעקליבענע פון איינענעם לייב.

שאַנכיי איז באַליגט מיט בעטלערס און שלעפערס ווי אַ שמוציק לייב מיט קרעץ — אַ פּאַנאָפּטיקום מיט די משונהדיקסטע מענטשן־קריפּלען, לייבער קרעציקע, אייטערדיקע, סיפיליטיקער און לעפּראָ־קראַנקע, וואָס פּרעגלען זייערע עיפּושדיקע פאַראייטערטע לייבער אויף דער הייסער זון; צעדרייטע הענט און פיס ווי די פּיעטרושקעס און קעפּ ווי דיניעס. און יעדער רעקלאַמירט זיין בראָך, שרייט, וויינט אָדער זינגט און שפּילט אויס די „מעלות טובות" פון זיין פאַר־קריפּלטן גוף.

קיין שום שטאָט אין דער וועלט האָט נישט אַזוי פיל היים־און דאַכלאָזע ווי שאַנכיי. אין טויזנטער וואַלגערט מען זיך אַרום אויפן שאַנכייער ברוק. די גאַסן זענען פאַרלייגט מיט מענטשלעך לייב, מען שלאָפט אויף די שוועלן פון פאַרמאַכטע מאַגאַזינען, מען שלאָפט אויפן אַספאַלט, מען שלאָפט אין רינשטאָק. און אין גאַס גייען אויס יעדן טאָג און יעדע נאַכט פון הונגער און קרענק הונ־דערטער מענטשן. ווינטער איז זייער צאָל גאָר אַ גרויסע — מען ווערט פאַרפרוירן שלאָפנדיק און אין דער פרי רוימט מען די טויטע אַראָפּ פון די גאַסן ווי מען קעמט אַראָפּ לייז פון אַ פאַר־לייזיקטן קאָפּ... עס זאָרגט שוין וועגן דעם די שטאָטישע מאַכט, די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער שוץ. אין אַ לאַסט־אויטאָ זאַמלט מען צונויף די טויטע, מען שיט דאָרט אָן אַ קופּע טויטע קלומפּנס,

זקנים און קינדער, פרויען און מענער, און מען פירט זיי אוועק צום קאַנאַל, דאָרט פאַרלאַדעוועט מען די מתים אויף א שיפל, וואָס פירט אוועק די „סחורה״ אזש ביזן אָפּגאַנג פון דער וואַנג־פּאָ אין געלן טייך, וואו מען לאָזט די מתים אראָפּ אין וואסער אריין — זאָלן די פיש אויך וויסן פון א לעבן... אזוי ארום פאַרשפּאָרט זיך די שטאָט קבורה־געלט (א קאסטן, א קרקע א. א. וו.).

איך ווייס נישט צי דאָס איז א געשריבן געזעץ אזא, צי א געזעץ וואָס האָט זיך אָנגענומען נישט געשריבענערהייט, אָבער די ווירקונג איז די זעלבע: ליגט א מענטש אויף דער גאַס און דרייט זיך ווי א שלאַנג אין יסורים, ליגט א מענטש אויף דער גאַס און גוססט; א פאַרפאַל מיט א מענטש אין גאַס, עס איז עמיצן פּלוצלונג נישט גוט געוואָרן — קיינער וועט זיך צו אזא איינעם נישט צורירן, מען לאָזט אים ליגן וואו ער ליגט, מען לאָזט אים אויסגיין, מען קוקט זיך אפילו נישט אום דערויף, א נאָרמאַלע דערשיינונג, יעדער גייט זיין וועג. וואָרים גייט מען צו אזא איינעם צו, כדי אים צו העלפן, אָדער פּרוּווט מען אַלאַרמירן הילף, א פּאָליציאַנט, דאַן האָט זיך דער גוטהאַרציקער מענטש מפטיר געקויפט: דער קראַנקער, פאַראומגליקטער, גוססדיקער וועט טאַקע תיכף אָפּגע־פירט אין שפּיטאָל, אָבער די הוצאות פאַר איבערפירן אין שפּיטאָל, פאַר היילן אָדער פאַר דער עווענטועלער קבורה צאָלט דעמאָלט דער גוט־האַרציקער מענטש. די שטאָט מאָנט ביי אים אויף דעם באַטרעף: ביסט א בעל־רחמנות — באַצאָל, אנדערש מיש זיך נישט אין נישט דיינע געשעפטן...

אין סאַמע צענטער שטאָט, אין א בלאָק־הויז פון בערך צוואַנציק שטאָק, געפינט זיך דאָס אזוי גערופענע „פאַרוויילונגס־שטעטל״: כינעזישע טעאַטערס, רעסטאָראַנען, כלערליי שפּילן און אַטראַקציעס. עס פּלייצט דאָרט מיט מענטשן א גאַנצן טאָג און נאָך מער — ביינאַכט. טויזנטער, טויזנטער כינעזער קומען דאָרט אויף פאַרוויי־לונג און צייט־פאַרטרייב. עס קומט דאָרט דער אָפּגעריסענער כינעזער, דער קולי, ווי דער רייכער; עס קומען ווייסע. מען קאָן זיך דאָרט פאַרווײַלן פאַר דער קלענסטער מטבע און מען קאָן דאָרט פטרן גראָב געלט. א ריזן־אונטערנעמונג וואָס פּראָדוצירט „פרייד און פאַרגעניגן״. אין אָט דעם מאָסן־צענטער פאַר פאַרוויילונג דרייען זיך ארום סוחרים און פאַרמיטלער פון כלערליי נאַרקאָטישע סחורות:

אָפּיום קאָקאאין, העראָאין. מען טאָר נישט? פאַרבאָטן? ווער האָט עס געזאָגט? דאָ, אין שאַנכײַ טאָר מען אַ סך זאַכן נישט און מען מעג אַלץ — מען קען! דאָ, אין דעם פאַרוויילונגס־הויז ווערן פראַנק און פריי געמאַכט אַלערליי טריפהנע טראַנזאַקציעס, אַלץ ווערט געמאַכט אָפן, דורך קיינעם נישט געשטערט.

אין אָט דער געביידע געפינט זיך די בערזע פאַר האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה. כינעזישע מאַמעס ברענגען דאָ אַהער זייערע צוועלף־ און דרייצן־יעריקע טעכטער, כדי זיי צו פאַרקויפן צו שאַנד. ווער, גייט עס אָן? קיינעם נישט. ווער קוקט זיך אום דערויף? קיינער נישט!

שאַנכײַ איז אַ פרייע שטאָט, זי איז אַזוי פריי, אַזש ביז הפקר. און מענטשן דאָ זענען פריי, אַזוי פריי אַז אַזש הפקר. קענסט דערהרגענען אַ מענטש און פאַר געלט אויסקויפן דיינע זינד. פאַר געלט קענסטו דינגען מערדערס, פאַר געלט קענסטו דעם אומשולדיקסטן מענטש פאַרשפּאַרן אין תפיסה, ער זאָל מער נישט דערזען די ליכטיקע שיין פאַר די אויגן. אַלץ און אַלע קענסטו דאָ קויפן, אַלץ און אַלע זענען דאָ צום קויפן.

פּאָליטיש צעפּערטלט אין דריי קאָנצעסיעס: איין האַלבע גאַס פראַנצויזיש, די צווייטע העלפט — ענגליש־אַמעריקאַניש, אַ דריט חלק שטאָט — יאַפּאַניש און אין גאַנצן אַ באַזונדער געביט איז דער כינעזישער קוואַרטאַל — אַ שטאָט פאַר זיך, אַרומגעצוימט מיט אַן אייזערנעם פּלויט. איין טייל אָפּגעטיילט פון צווייטן מיט אייזערנע שטאַכעטן — דער ריין־כינעזישער שטאָט־טייל; פאַרשטעלט מיט דראָט־פאַרצוימונגען און בעטאָנענע קוילן־וואָרפער־נעסטן אויף די קרייץ־גאַסן, וואו איין קאָנצעסיע גרענעצט זיך מיט דער אַנדערער און באַוואַכט דורך פּאָליציי, באַוואָפנטע מיט מאַשינען־ביקסן אין די הענט, אָנגעשטעלט צום אויסשיסן צו יעדער רגע, ווי אין פּער־מאַנענטן קריגס־צושטאַנד — קומט אויס די שטאָט ווי עפּעס אַ משונהדיקע חיה, צעשניטן אויף באַזונדערע שטיקער און יעדעס שטיק באַזונדער וואַרפט זיך, פּיבערט, לעבט אַן אייגן צעריסן שטיק לעבן.

אָבער די קצבים, וואָס האָבן די דאָזיקע חיה צעשניטן, זאָרגן שוין פאַר אַ געוויסער קאָאָרדינירונג אינעם לעבן פון דער דאָזיקער צעשטיקלטער חיה — קעגנזייטיקע אָפּמאַכן רעגולירן דעם עפנטלעכן

פאַרקער און האַלטן צוזאַמען די צעשניטענע חיה אין צוים...
צוזאַמען גענומען איז שאַנכײַ איינע פון די נעצײלטע אינטערנאַציאָ־
נאַלע קלאָזעטן וואָס די וועלט פאַרמאָגט: אין אייראָפּע — טאַנזשער,
אין אַמעריקע — פּאַנאַמע, אין אַזיע — שאַנכײַ. איך ווייס נישט
ווי די אַנדערע וועלט־קלאָזעטן זעען אויס — שאַנכײַ איז אַ שמוציקע
און עיפּושדיקע לאַטרין. אָבער די דאָזיקע ווייט־מזרחדיקע וועלט־
לאַטרין איז ווירטשאַפטלעך די ברייט־געעפנטע טיר צום גאַנצן ווייטן
מזרח, צו די 450 מיליאָן קאָנסומענטן און צו די אוצרות וואָס
געפינען זיך אויפן אַזיאַטישן קאָנטינענט; אַ ברייט־געעפנטע טיר
פאַר דער ווירטשאַפטלעכער עקספּאַנסיע פון די „ווייסע טייוולאָנים"
וואָס פירן מיט דער וועלט. עס גילט: קאָלאָניאַלע רויב־פּאָליטיק און
רויבעריש איז ממילא די מאָראַל. עס איז די מאָראַל פון דזשונגל,
רוי און אָן שלייערן. אַזוי איז עס דאָ מיט אַלע, וואָס באַוואוינען
די דאָזיקע שטאָט אָן אונטערשיד פון ראַסע און נאַציע: ענגלענדער,
אַמעריקאַנער, פראַנצויזן, שפּאַניער, פּאָרטוגעזער און איטאַליענער,
יאַפּאַנער, רוסן, יידן צי כינעזער. קיין שום אונטערשיד, אָן אויסנאַם.
אַזאַ איז די מענטאַליטעט פונם שאַנכײַער דור הפלגה.

* * *

אין אַ שאַנכײַער צייטונג האָב איך געלייענט אַ וויסנשאַפטלעכע
אָפּהאַנדלונג וועגן דעם גורל פון שאַנכײַ. דער וויסנשאַפטלער,
איך געדענק נישט זיין נאָמען, האָט פעסטגעשטעלט, אַז עס האַלט
מיט שאַנכײַ זייער שמאָל: די שטאָט זינקט. שאַנכײַ ליגט זייער
נידעריק צום ים, די שטאָט שטייט אויף וואַסער, גענוג צו גראָבן אַ
האַלבן מעטער טיף און מען טרעפט אָן אויף וואַסער. די הייזער
זענען דעריבער געבויט זייער פלאַך אין זייערע פונדאַמענטן, נישט
בנמצא כמעט אין שאַנכײַ קיין קעלער. דעריבער איז אויך די
קאַנאַליזאַציע דאָ אַזאַ געהרגעטע. גענוג איין טאָג רעגן, אַז גאַנצע
שטאָט־טיילן זאָלן שטיין אונטערן וואַסער טעג לאַנג, אַזוי אַז כדי
אַריבערצוקריגן זיך פון איין גאַס אויף דער צווייטער מוז מען
אָפט מאָל אָנקומען צו אַ רישקע־קולי אָדער אָנטאָן גומענע שטיוול
מיט הויכע פישער־כאָליעוועס. שאַנכײַ האָט אַ באַשווערטן אָפּפלוס.
דער וויסנשאַפטלער האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער באָדן אויף וועלכן
עס שטייט שאַנכײַ זינקט איין, יעדעס יאָר לאָזט זיך דער באָדן
אַראָפּ נידעריקער מיט אַ באַשטימטן ברוכטייל פון אַ מילימעטער

און ער האָט אויסגערעכנט, אַז אין משך פון עפּעס אַ פינף־זעקס הונדערט יאָר סך־הכל וועט דער גאַנצער שטח, אויף וועלכן די שטאָט שטייט, פאַרשלינגען ווערן דורך וואַסער, דער ים וועט אים פאַרגיסן, די שטאָט מיט אירע ריזיקע, מאָדערן געבויטע הייזער־בלאָקן, מיט די פּאַלאַצן, מיטן גאַנצן האַק און פּאַק וועט פאַרשווינדן. שאַנכיי וועט איינגעזונקען ווערן.

פינף־זעקס הונדערט יאָר.

אַ שאָד וואָס אַזוי לאַנג, אַ ביסל צו לאַנג צו וואַרטן. דאָס וואָלט געמעגנט געשען אַ ביסל פריער...

* * *

דער טאָג ווען איך וועל פאַרלאָזן שאַנכיי וועט זיין פאַר מיר אַ טאָג פון משוגענער פרייד.

באַלד, באַלד, מען דאַרף אַוועקליינען דעם פאַרמאַטערטן גוף, אַוועקליינען דעם מידן קאָפּ, אויסלעשן דאָס ליכט און פאַרמאַכן די אויגן. אָט אַזוי, האַלב וואַך, האַלב שלאָף חלומען דעם חלום פון אָפּפאָר... ביי ליכט, אַ פולשטענדיק וואַכן צושטאַנד איז אוממעגלעך פריי פאַנאַנדערצובינדן די רעיונות און דמיונות וועגן דעם ווי עס וועט אויסזען דער דאָזיקער טאָג.

אין זיין בוך „די וועלט איז קיילעכדיק״ באַשרייבט דער פּוילישער שריפטשטעלער יאַנטאַ־פּאָלטשינסקי דעם טאָג פון זיין אָפּפאָר פון שאַנכיי. ער שילדערט זיין געמיט־צושטאַנד. דאָס קאַפּיטל איז פול מיט רעפלעקסן אויף דער טעמע: „וואַנדערן, אָפּפאָרן, אָנקומען״. יעדע שורה איז דאָרט דורכגעזאַפּט מיט אינטערעס צו דער וועלט, אָבער נאָך מער מיט נאָסטאַלגיע, בענקשאַפט, אומגעהויערע, שמערצלעכע בענקשאַפט אַהיים: „דאָס געזעגענען זיך — שרייבט ער — איז שווערער ווי דאָס באַגריסן, וויפיל דו זאָלסט זיך נישט ווערן, איז מיט יעדן אָפּפאָר פאַרלאָזטו אַ היים... דאָס אָנקומען (ווערטלעך — דאָס באַגריסן) פאַרפעסטיקט זיך נישט אַזוי אין זכרון... אָבער דאָ אין שאַנכיי האָט זיך דווקא דאָס אָנקומען פיל שטאַרקער איינגעקריצט אין זכרון, מער ווי דאָס אַוועקפאָרן... יעדער אָפּפאָר באַהאַלט אין זיך דעם אומקער אַהיים, נענטער צו דער היים, צוריקקער פון וואַנעט דו ביסט געקומען״.

רעפלעקסן מוזן נישט זיין געבונדן איינע מיט די אַנדערע, זיי קענען זיין נענוג כאַאָטיש, אפילו סתירהדיק. עס מאַכט זיך אַמאָל,

דער מוח ווערט פאַרגאָסן מיט רעיונות, וואָס פליִיצן דורך טיר און דורך טויער און ביי אַ פאַרפלייצונג ווי ביי אַ פאַרפלייצונג — עס גילט נישט קיין סדר און פּלאַן.

איבערלעבונגען און רעפלעקסן פון אַ מענטש זענען תמיד שטרענג פּערזענלעכע, סוביעקטיווע. צען מענטשן קענען זיך געפינען אין איין און דער זעלבער לאַגע, זיין באַווירקט דורך איין און די זעלבע אומשטענדן און דאָך וועלן די איבערלעבונגען און רעפלעקסן פון יעדן איינעם באַזונדער נישט זיין די זעלבע און אוודאי נישט ענלעך צו זיך.

ווען איך האָב זיך דערוווּסט פון דעם וואונדערבאַרן קאָבער ברעג אויף מיין רייזע קיין שאַנכיי, האָב איך בשום אופן נישט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס פאָר איך אַהיים. אַלע געפילן: הימלאָ־זיקייט, נע־ונד און דער עיקר — אַ מוראדיק געפיל פון שרעק. דערפאַר אָבער, ווען איך בין אָפּגעפאָרן פון ווילנע אויפן וועג קיין וולאַדיוואָסטאָק, אַליץ ווייטער אויף מזרח אַוועק פון היים, אויפן וועג קיין יאַפּאַן, האָב איך דאָס ביטערע געפיל, אַז איך פאַרלאָז אַ היים. בעסער — די היים. וואָרים ווילנע — דאָס איז דאָך וואַרשע נישט בלויז מיט דער נאָענטקייט פון שטח... אינם ווילנער הימל האָב איך געזען ווי אין אַ שפּיגל די וואַרשעווער לאַזשענקעס, פּונקט אַזוי ווי די הרובע הייזער פון מיין צפונדיקן ראַיאָן אין וואַרשע. און אין דער זעלבער צייט האָב איך, אָפּפאָרנדיק פון ווילנע אין אַ קאַטעגאָריש קעגנגעזעצטער ריכטונג צו מיין היים, געהאַט דאָס אַבסאָלוטע געפיל, אַז איך פאָר אַהיים, וואָס ווייטער איך פאָר, אַליץ נענטער צו דער היים פאָר איך...

דאָס אָנקומען קיין שאַנכיי האָט אויף מיר פּערזענלעך קיין באַזונדער שטאַרקן רושם נישט געמאַכט. דאַקעגן מיין פרוי האָט דווקא דעם אָנקום אַהער איבערגעלעבט פּיינלעך שווער. זי איז באַהערשט געוואָרן דורך אַ נעפּיל פון שטיקעניש. די רויטע מויערן און טויערן, דער הייסער דאַמף אין דער לופט, דער טויבער רויש אין די אויערן האָט גענעבן דעם רעפלעקס — תפיסה. דאָס דאָזיקע געפיל האָט זיך ביי איר נאָך מער פאַרשטאַרקט ביינאַכט: אַ צימער מיט אַ משופּעדיקן פּולאָפּ, אַ פענצטער פאַרקראַטעוועט מיט אייזערנע שטאַנגען, און הויך אַזוי, אַז כדי צו דערזען אַ שטיקל הימל פאַר די אויגן האָט ריזן געמוזט אַרויפשטעלן זיך אויף אַ שטול. אין

מיטן דער נאַכט האָט מיך אויפגעוועקט אַ פאַרצווייפלט, ביטער געוויין, אַ געוויין פון אַ קינד, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ בייזן חלום און זיך דערזען אַליין און פאַרלאָזן אין שטוב. דאָס האָט געוויינט מיין פרוי. אויף אַ שטול, ביים פענצטער איז זי געשטאַנען, דעם קאָפּ פאַרריסן אַרויף און פעסט צוגעדריקט צו די קראַטעס, געוואָרפן זיך אין פיבער און היים, אומבאַהערשט געוויינט.

— עס שטיקט מיך — האָט זי מיט די הענט נעריסן שטיקער פון איר האַלדז — איך פיל זיך פאַרוואָרפן אין אַ תפיסה, פון וועלכער איך וועל שוין מער נישט אַרויס...

דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט אירע אין שאַנכיי, דער ערשטער איינדרוק, די ערשטע איבערלעבונג.

ביי מיר האָט זיך שאַנכיי, אין אַלע אירע גרויל־פּרטים נענומען איינקריצן אין זכרון מיט דער צייט און מאָס פון מיין זיין אין דער דאָזיקער שטאָט. מיט יעדן טאָג, מיט יעדער וואָך, מיט יעדן חודש ווייטער. און גלייכצייטיק האָט זיך אַנטוויקלט אין מיר, ווי עס אינקובירט זיך אַ קרענק אין אַן אָרגאַניזם, איז אויסגעוואַקסן אַ מעכטיק געפיל, אַ ספּאַזמאַטיש געפיל, אַ געשריי: אַרויס, אַוועק פון שאַנכיי! וואָס גיכער אַרויס פון דאַנען! אַלץ אין מיר שרייט, פלאַטערט אין פיבער, איז פאַרסמט מיט באַגער: אַוועק פון שאַנכיי!

די בענקשאַפט אַהיים פאַרפאָלגט יעדן וואָגלער. זי, די בענק־שאַפט, פּייניקט אוים דעם גוף, טרוקנט אוים דעם מאַרך פון די ביינער, גיט נישט קיין רו נישט בייטאָג און פאַרוואַנדלט די נעכט אין נעצן פון קאָשמאַריקע וויזיעס. אָבער דאָ, אין שאַנכיי, איז דער באַנער אַוועקצופאָרן פיל שטאַרקער, מעכטיקער, ווי די בענקשאַפט אַהיים... זי, די בענקשאַפט אַהיים, שטייט דאָ אין הינטערגרונט, אויפן צווייטן פּלאַן, עס איז שטאַרקער פון איר דער ווילן צו פאַרלאָזן שאַנכיי, דאָס פאַרגיסט, דעקט צו אַלע אַנדערע געפילן.

און דעריבער וועל איך אין טאָג פון מיין אָפּפאָר נישט זאָגן, בשום אופן נישט זאָגן, אַז מיט מיין אָפּפאָר פון שאַנכיי פאַרלאָז איך אַ היים, פּונקט ווי איך וועל מסתמא ממילא נישט זאָגן וועגן איר, אַז דאָס באַנריסן זיך, דאָ אָנקומען אַהער, איז שטאַרקער פונם נעזעגענען, אַוועקפאָרן. קיין שטאַרקערע, קיין דערהויבענערע איבער־

לעבונג אין שאַנכײַ, ווי דאָס געזעגענען זיך מיט איר, שטעל איך מיר באַין אופן נישט פֿאָר...

אומעטום וואו אַ מענטש שפּאַרט אָן אין זיין וואַנדערונג לאָזט ער עפּעס איבער. ער לאָזט דאָרט איבער אָפּגעלעבטע טעג, וואָס בלייבן שוין דאָרט וואו מען האָט פֿאַרבראַכט. מען קאָן זיי נישט מיטנעמען, די טעג. העכסטנס פֿאַרפּאַקט מען אַ קליין פּעקעלע צוויטן פֿון איבערלעבונגען אין זכרון. עס איז אויך אמת, אַז מיט יעדן אָפּפֿאָר פֿאַרלאָזט מען אויך אַ היים. אָבער שאַנכײַ איז דאָ דער אומהיימלעכער אויסנאַם פֿון יאַנטאַ פּאָלטשיגסקיס פּאַראַדאָק־סאַלן כּלל. וואָרים היים באַטייט — איינגעוואָרצלטקייט, היים באַטייט אינטימקייט און צוזאַמענגעלעבטקייט. אין דער מינוט ווען מען פֿאַרלאָזט אַ היים פֿאַרציט עס עפּעס ביים האַרץ, עס פֿאַרקלעמט אַ בענקשאַפֿט, וואָס הייבט זיך אָן טאַקע מיטן ערשטן מאָמענט פֿון פֿאַרלאָזן די היים און זי, די בענקשאַפֿט, ווערט שטאַרקער וואָס ווייטער אַלץ מער. ווען מען פֿאַרלאָזט אַ היים, נעמט מען עפּעס מיט פֿון דאָרט. דאָס אַלץ איז נישט חל אויף שאַנכײַ. איך וועל נישט בענקען נאָך שאַנכײַ. איך וועל מיר פֿון שאַנכײַ גאָרנישט מיטנעמען. כ׳וועל אַרויס פֿון שאַנכײַ אָט אַזוי ווי עס לויפֿט אַרויס אַ מענטש פֿון אַ ברענענדיק הויז אין מיטן פֿון אַ שטאָק־פֿינצטערער נאַכט...

און דעריבער וועט דער טאָג, ווען איך וועל פֿאַרלאָזן שאַנכײַ, זיין פֿאַר מיר אַ טאָג פֿון משוגענער, וואַנזיניקער פֿרייד

איך ווייס פֿאָראויס: איך וועל נאָך שאַנכײַ נישט בענקען, כאָטש איך וועל זי, די דאָזיקע קאָשמאַר־שטאָט, לאַנג נישט פֿאַרגעסן, להיפּוך צו אַנדערע שטעט און לענדער, וואו איך האָב אָנגעשפּאַרט און וועלכע איך געדענק און פֿאַר וועלכע איך האָב באַהאַלטן אפילו אַ וואַרעם געפֿיל פֿון בענקשאַפֿט און סענטימענט...

שאַנכײַ, 1944.

# אין דיין טרויער זאַלסטו לעבן

מיר איז צוגעטיילט געוואָרן די טרויעריקע פליכט צו שילדערן די געשיכטע פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. איך וויל דאָס טאָן מיט די איינפאַכסטע ווערטער, איך וויל פאַרשפּאָרן אייך אַלעמען און זיך אַליין שטאַרקע ווערטער, וואָס וועלן נישט פאַרמאָגן אין זיך דעם שוואַכסטן סימן פון אויסדרוק, וואָס זאָל זיין דערוואַקסן צו דער אומגעהויערער גרויס און פאַרנעם פונם אומגליק, פון די לייד און פּיין ד אָ ר ט און פון אונדזער צער און ווייטיק ד אָ.

נישטאָ אין דער מענטשלעכער שפּראַך אַזאַ אויסדרוק, וואָס זאָל באַצייכענען די גרויס פונם שוידער, יענעם גרויל וואָס איז אויפגעזאַמלט אינם אַש פון זעקס מיליאָן פאַרשניטענע לעבנס, פון פאַרשניטענעם נעכטן, היינט און מאָרגן פון אַ גאַנץ פאָלק.

איך וויל דערציילן פּרטים, פּשוטע כראָניק וועגן אַ געקוילעטע פאָלק, פראַגמענטן פון אַ טראַגישן עפּאָס, וואָס איז מיטן בלוט פון זויג־קינדער געחתמעט אין זיין קדושה און אומשטערבלעכקייט.

אָט אַזוי ווי פרומע יידן דערציילן יעדעס יאָר דעם עפּאָס פון חורבן בית־המקדש זינט צוויי טויזנט יאָר, אַזוי וויל איך דער־ציילן אַ טייל כאָטש פון אונדזער היינט־צייטיקן בלוטיקן עפּאָס, דעם עפּאָס פון חורבן בית ישראל.

זאָלן די דאָזיקע פּרטים פאַרסמען אונדזער בלוט אין די אָדערן, און לאָמיר אַזוי אַרום כאָטש ווערן טיילווייזע שותפים צו זיי, צו די זעקס מיליאָן אין אַש פאַרוואַנדלטע קדושים.

* * *

עס איז געווען אין דער צייט, ווען דער גרעסטער שונא פון דער מענטשהייט, דער בלוטיקסטער פיינט פון יידישן פאָלק, האָט זיך פאַרנומען מיט דער פיזישער אויסראָטונג פון אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין רשות.

פאַרשפּאַרטע הינטער געטאָ־מויערן, אין אַרבעט־ און טויט־לאַגערן, אויסגעהונגערט, באַשפּיגן און דערנידעריקט, פאַרפאָלגט און געפּייניקט; אָפּגעשניטן פון דער דרייסנדיקער וועלט, באַרויבט פון

יעדער האָפנונג אויף הילף און רעטונג, האָבן די יידישע מאַסן גע־בלוטיקט אונטערן שטיוול פון זייער פייניקער.

עס האָבן פרומע יידן געוואַרט אויף אַ נס. מיט בלוטיקע אויגן, מיט שטיל געבעט אויסגעקוקט די הימלען און די הימלען האָבן געשוויגן. דער נס איז נישט געקומען. עס האָבן וועלטלעכע יידן געקוקט אין אַלע עקן פון דער וועלט, גערופן און געמאָנט די הילף און די רעטונג, און די הילף איז נישט געקומען, די רעטונג איז נישט געקומען. טויב און שטום איז געווען דער הימל, טויב און שטום — די גאַנצע וועלט, טויב און שטום צו דער ביטערסטער פּיין, צום וויי־געשריי פון אַ גאַנץ פאָלק.

און עס איז געווען, ווען אַלע יידישע קיבוצים זענען שוין געווען פאַרשפּאַרט ווי די חיות אין אַ שטייג, געצייכנט ווי די פי צו דער שחיטה, פיזיש און גייסטיק געשענדט און פאַרשמאַכט, האָט זיך פּלאַנמעסיק און קאַלט, אָן רחמנות און ריקזיכט, אָנגעהויבן די פיזישע אויסראָטונג, די פאַרניכטונג פון יידישע לעבנס, לעבנס פון זקנים און פון קינדער, לעבנס פון טאַטעס און פון מאַמעס.

נישט געגעבן געוואָרן איז דאָס מאָל די געלעגנהייט פון אויסוואַל און נסיון אפילו. דער גזר איז געווען — אַלע, אַלע ביז אײנעם, אין וועמענס אָדערן עס פליסט יידיש בלוט. נישט נאָר די אויס־ראָטונג פון יידישן גייסטיקן און מאָראַלישן זיין, נאָר די אויסראָטונג, די אויסבלוטיקונג פון זיין פיזישער עקזיסטענץ.

און עס איז געווען, אַז עס זענען ווי די זאַנגען אין שניט געפאַלן די הונדערטער יידישע קלענערע ישובים איבערן לאַנד, דעמאָלט האָט די האַנט פון רוצח אויסגעשטרעקט זיך צו די געציילטע גרויסע יידישע צענטערן: ירושלים דליטע — דאָס וויגעלע פון „בונד“, די שטאָט פון גאון און פון אַרקאַדי קרעמער — ווילנע; די שטאָט פון ר׳ חיים סאָלאָוויטשיק און פון בייניש מיכאַלעוויטש — בריסק; ביאַליסטאָק און ראָוונע, לעמבערג און קראָקע, די יידישע וועבער־שטאָט לאָדזש ביז דעם גרעסטן, דעם צאָלרייכסטן און פאַרביקסטן יידישן קיבוץ אין פּוילנס הויפּט־שטאָט — וואַרשע.

דערדריקט אין אייגענער מאַכטלאָזיקייט, פאַרצווייפלט אין איי־גענער האָפנונגסלאָזיקייט, רעזיגנירט פון יעדער אויסזיכט אויף רעטונג; מיד פון פּיין און שמאַך, וואָס אַ לעבעדיק לעבן האָט אַלץ איבערצוטראָגן; היימיש און איינגעלעבט מיט אַלע מיתה־משונות;

מיט דער ביטערסטער פאַראַכטונג און האַס צום לעבן און מיט געפילן פון בענקשאַפט צום טויט, האָבן מענטשן געשטרעקט זייערע העלדזער צו דער שווערד, געלאָזט זיך פאַרוויגן מיט גענאַרטע, פערפיד־געפעלשטע האָפענונגען און צוזאָגן; איז מען מיט געפילן פון דערלייכטערונג, פרייוויליק און אפילו האָפערדיק געגאַנגען אין שעכטהויז אַריין, געגאַנגען צו דער גאַז־קאַמער און צום קרעמאַטאָריום.

אָבער אין דער זעלבער צייט האָט דאָ און דאָרט אויפגעבליצט טראַציקער ווידערשטאַנד, ווי אַ בליץ אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט האָט אויפגעשאָסן: ווידערשטאַנד! נעמען אַ פרייז פאַרן לעבן וואָס מען מוז אַוועקגעבן, אַ פרייז אַזאַ ווי מען קען, ווי עס לאָזט זיך אין אַזאַ צייט. ביאַליסטאָקער פּיאַסקעס, ניעסוויעזש און קרינקע האָבן מיט בלוט פון די נאַצים געצייכנט דעם פרייז פון יידיש לעבן. אַ קליינער פרייז, אַ ווערטלאָזער, אָבער אַ פרייז.

און עס איז געווען, ווען די מערדערישע האַנט האָט זיך אויס־געשטרעקט נאָך די לעבנס פון האַלב־מיליאָניקן יידישן ישוב אין וואַרשעווער געטאָ. אויסגעהונגערט, צעפרעסן פון מגפות און טויט, גערודפט, פאַרפאַלגט און הפקר, האָבן יידן אין וואַרשע געלעבט און גענערט אַ האָפנונג פון אויסדרויער, געלעבט אַ לעבן פון אַ באַלאַגער־טער שטאָט, האָט מען זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן ברויט, מיטן לעצטן שטיקל קויל, מיטן לעצטן ביסל רפואה קעגן קרענק, מיט די לעצטע רעשטן פון טרייסט און האָפנונג איבערצוהאַלטן.

פאַרסמט איז געווען די לופט מיט אומרו און אומזיכערקייט. וויסטע קלאַנגען וועגן אויסראָטונג דורך גאַז און גיפט, דורך שרפה און סקילה, האָבן געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. מען האָט אָבער דערין נישט געגלויבט, דער מענטש וואָס האָט געלעבט אין וואַרשעווער געטאָ האָט דערין נישט געגלויבט. דאָס האָט דער מענטש אין געטאָ נישט געגלויבט, אַז מענטשן־קינדער זאָלן פעאיק זיין דערצו. אָבער טאַקע דאָס אין וואָס דער מענטש אין געטאָ האָט נישט געגלויבט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ טייוולאָנישן, פאַר אַ מענטש־פאַרניכטנדיקן אמת. עס האָבן דאָס באַשטעטיקט דריי אַנטלאָפענע יידישע קברנים פון כעלמנאָ. זיי האָבן עס אויפגעדעקט דעם שוואַרצן סוד פון פאַרשוואונדענע יידישע ישובים, דעם סוד פון די גאַז־קאַמערס.

און עס איז געווען, אַז דער פינצטערער סוד איז אויפגעדעקט

געוואָרן, האָט וואַרשע אַרויסגעשיקט צו דער וועלט דעם אַלאַרם־רוף נאָך הילף און רעטונג. דער אונטערערדישער „בונד" אין וואַרשע האָט געלאָזט וויסן וועגן זיבן הונדערט טויזנט יידן, דערשטיקטע אין גאַז־קאַמערס.

אָבער טויב און שטום איז געבליבן די וועלט צום פאַרצווייפלטן רוף פון וואַרשעווער ישוב. די וועלט האָט זיך נישט אָפּגערופן, די וועלט — זי האָט געשוויגן. אין טרעבלינקע, אין סאָביבאָר, אין מיידאַנעק זענען געשטאַנען גרייט די גאַז־קאַמערס און די עלעקטרישע מאַשינען צו גראָבן מאַסן־קברים פאַרן וואַרשעווער געטאָ. עס זענען געמאַכט געוואָרן די לעצטע הכנות צו לאָזן אין גאַנג די גרויסע, די אומגעהויערע מאָרד־פאַבריק און זי, די וועלט, זי האָט געשוויגן.

און אין געטאָ איז אָנגעגאַנגען אַ טייוולאָניש שפּיל פון תלין, אַ שפּיל מיט הונדערטער טויזנטער לעבנס, אַ שפּיל פון געפּעלשטער האָפנונג און עכטער פאַרניכטונג. פול און גרוים איז נאָך דעמאָלט געווען דער יידישער ישוב אין וואַרשע און דער תלין האָט פון אים געריסן שטיקער, יעדן טאָג אַ שטיק, יעדן טאָג אַ שטיק. עס האָט געהייסן: דעפּאָרטירונג אין אַרבעט־לאַגערן, פינף טויזנט אַ טאָג, זיבן טויזנט אַ טאָג, צען טויזנט אַ טאָג. און מענטשן האָבן געגלויבט, מענטשן האָבן געהאָפט, מענטשן זענען געגאַנגען, געגאַנגען פרייוויליק.

קלענער איז געוואָרן דער יידישער ישוב מיט יעדן טאָג, איינגעשרומפּן איז ער געוואָרן, שטילער געוואָרן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט געררייפט און געעוירן דער געדאַנק וועגן ווידער־שטאַנד. נאָך האָט מען זיך גענאַרט מיט פאַלשע האָפנונגען און הבטחות פונם תלין, נאָך האָט געלעבט די מורא פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער שטאַרקער פון זיי איז מיט יעדן טאָג ווייטער געוואָרן דער געדאַנק פון מרידה, ווידערשטאַנד, אויפשטאַנד.

דער ערשטער וואָס האָט ניכטערן, אחריותפול און אומצווייפלדייטיק געוואָרפן דעם דאָזיקן לאָזונג איז געווען דער אונטערערדישער „בונד". צוויי דריטל פון יידישן ישוב אין וואַרשע איז פאַרניכטעט — וועגן דעם זענען שוין נישטאָ קיין שום ספיקות. אין געטאָ געפינט זיך נאָך פופציק טויזנט יידן, דער תלין מאַכט שוין נישט קיין סוד דערפון וואָס ער פּלייבט זיך מיט זיי צו טאָן. נישטאָ מער קיין

שום אילוזיעס, מען ווייסט שוין קלאָר אויף וואָס די צווייפיסיקע היטלער־בעסטיע איז פעאיק און צו וואָס זי צילט. דער גורל איז שוין פון פריער געחתמעט. איצט שטייט ער פאַר די אויגן בולט און אָן דעם מינדעסטן ספק און עס בלייבט איבער גאָר נישט מער ווי — נעמען אַ פּרייז פאַר דעם לעבן וואָס מען גיט אַוועק, נקמה.

און עס איז געווען, אַז די יידן אין געטאָ האָבן זיך גענומען גרייטן צום אויפשטאַנד, האָט אַ בשותפותדיקער קאָמיטעט פון „בונד" און ציוניסטן גענומען אויף זיך דעם עול פון צוגרייטן וואָפן און געשולטע קאַדרען צום קאַמף. אַ ווענדונג צום פּוילישן אונטער־ערד וועגן וואָפן פאַרן געטאָ ווערט נישט באַפרידיקט. די וואַרשעווער געטאָ אַפּעלירט צו דער וועלט. אין אַ שליחות פון אונטערערדישן „בונד" אין וואַרשע צום פאָרשטייער פון „בונד" אין לאָנדאָן ווערט געפאָדערט אויפצורודערן די וועלט, אויפפאָדערן זי צו מעשים, עס זענען די לעצטע שעהן. „מיר האָבן אַ טענה — זאָגט זיך אין דער שליחות — מיר וועלן דאָס קיינמאָל נישט מוחל זיין, פאַרוואָס גיט מען אונדז נישט לכל הפּחות קיין געווער, כדי וויניקסטנס צו קענען שטאַרבן ווי מענטשן, מיט געווער אין האַנט".

עס גייען טעג, עס גייען וואָכן און חדשים. פינצטערע טעג, פינצטערע וואָכן און חדשים. וואָכן און חדשים פון אויסראָטונג. אויסגעליידיקט איז די יידישע געטאָ אין וואַרשע. פאַרבליבן סך־הכל עטלעכע צענדליק טויזנט יידן, עטלעכע צענדליק טויזנט פון אַ האַלבן מיליאָן. און אין געהיים, בסוד סודות, ווערן געגרייט קאַמפּס־קאַדרען: בונדיסטן, ציוניסטן, צוקונפטיסטן, שומרים, חלוצים און קינדער — שמידן אויס זייער ווילן און כוח צו שטאַרבן ווי מענטשן, מיט געווער אין האַנט. און די הענט זענען ליידיק. דאָס געווער איז נישטאָ.

איז געווען אין געטאָ אַ מענטש — אַ יונגער מענטש מיט אַ חלום אין זיינע יונגע אויגן, אַ חלום פון דינאַמיט, פון הייס און גיפטיק בליי פאַרן שונא. מיכאל קלעפּפיש איז זיין נאָמען. אונטער דער נאָז פון שונא, אין די קעלערס פון וואַרשעווער געטאָ, זענען פאַבריקן פון געווער אַנטשטאַנען, האָט מען וואָפן געשמידט אונטער דער אָנפירונג פון מיכאל קלעפּפיש. און אָט האָט זיך געעפנט אַ פרישער קוואַל פון וואָפן, די פּוילישע רעגירונג אין לאָנדאָן האָט פאַראָרדנט צו געבן דער וואַרשעווער געטאָ געווער און די געטאָ האָט זיך באַוואָפנט. די געטאָ האָט זיך געגרייט.

און עס איז געשען, דעם 18־טן טאָג פון ערשטן חודש פון יאָר 1943, אַז באוואָפנטע באַנדעס ס. ס., דייטשע פּאָליציי און לעטישע יונגען האָבן הפקרדיק און פאַרריסן אַריינמאַרשירט אין געטאָ, האָבן די מויערן פון געטאָ זיי אויפגענומען מיט אַ הייסן רעגן פון בליי און שטאָל.

די דייטשן האָבן אַריינגעפירט טאַנקן אין געטאָ. עס האָט געברענט אַ שלאַכט וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. צענדליקער געשטאַפּאָ־אַגענטן און פּאָליציאַנטן זענען געפאַלן טויט און פאַר־וואונדעט. דאָס איז געווען דער ערשטער אָרגאַניזירטער און באַ־וואָפנטער ווידערשטאַנד פון געטאָ, דער ערשטער אונטערן לאָזונג: שטאַרבן מיט געווער אין האַנט.

אין דער זעלבער צייט האָט די בלוט־טריפנדע וואַרשעווער געטאָ טראַגיש געראָפן: „אַלאַרמירט די וועלט! אַפּעלירט צום פּויפּסט ער זאָל זיך אַריינמישן, אַפּעלירט צו די פעלקער פון דער וועלט, זאָל מען אָנווענדן אויסעראָרדנטלעכע שריט קעגן די דייטשן וואָס געפינען זיך אין די לענדער פון די אַליאירטע; מיר לײַדן שרעקלעך, די איבערגעבליבענע עטלעכע הונדערט טויזנט יידן אין פּוילן געפינען זיך אין דער געפאַר באַלד פאַרניכטעט צו ווערן; נאָר איר קאָנט אונדז ראַטעווען; די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געשיכטע פאַלט אויף אייך!"

אָבער געשוויגן האָט דער פּויפּסט, עס האָט געשוויגן די וועלט. און אפילו אונדזער אייגענע, די יידישע וועלט — זי האָט נישט געשפּיגן מיט בלוט פון ווייטיק און פון צאָרן.

און אין געטאָ גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. מען גרייט זיך. עס ווערט אַלץ מער געזאַמלט וואָפן, אַלץ שטאַרקער באַפעסטיקט די הייזער, אַלץ אינטענסיווער, אַלץ הייסער און עקשנותדיקער גראָבט מען אונטערערדישע בונקערס, ברונעמער מיט וואַסער, גראָבט מען און מען פאַרברייטערט קאַנאַלן, דורכגענג, אַרויסגענג. עס אַרבעטן די אונטערערדישע געווער־פאַבריקן, עס פאַרמירן זיך אַלץ מער קאַמפּס־אָפּטיילונגען, סאַניטאַרע אָפּטיילונגען, שפּיטעלער.

דערווייל איז שטיל. עס איז אָבער אַ שטילקייט ערב אַ שטורעם. דער תלין פּרואווט ווידער צו פאַרוויגן די רעשטן פון געטאָ מיט פאַלשע רייד און הבטחות. מען רופט די יידן פרייוויליק צו פאָרן קיין טראַווניקי, קיין פּאָניאַטאָוו, פאָרן אַהין מיט די ווייבער, מיט

די קינדער. דאָרט וועט מען קענען איבערהאַלטן דעם קריג, אויס־האַלטן, איבערלעבן. אָבער קיינער גלויבט נישט מער די מילדע רייד פון תלין. קיינער, קיין איין יידיש לעבן ווערט פון איצט אָן נישט אָפּגעגעבן פרייוויליק.

און עס איז געווען, אינם ניינצענטן טאָג פון ערשטן פרילינג־חודש פון יאָר 1943, אין טאָג פון ערב פסח. פון די מויערן פון די הייזער אין וואַרשעווער געטאָ האָט עס מיט ברענענדיקע אותיות אַראָפּגעשריגן: פאַלן מיט כבוד, שטאַרבן מיט כבוד, נישט ווי די פּי אין שעכטהויז, נאָר ווי מענטשן אין קאַמף. אָפּגעווישט פון די גאַסן אין געטאָ איז דער ערב פסח, טויט שטיל איז אויף די גאַסן, אַ שטילקייט פון גרויליקער דערוואַרטונג. אין פאַרבאָרגנקייט, מיט אויג און אויער געשפּאַנט צו דער טויט־שטילער גאַס, מיט פינגער אויפן צינגל פון געווער אין דער האַנט, מיטן האַנט־גראַנאַט אין דער פויסט, שטייען זיי איצט, די לעצטע קאַדרען פון דער אויסגעשאָכטענער וואַרשעווער געטאָ, גרייטע צום אָפּוועך און אָנגריף. און עס פליסטערט אַ תפילה יעדער קעמפער, אַ תפילה צו זיך אַליין און צום געווער וואָס ער האַלט אין דער האַנט: זאָל קיין איינע פון מיינע קוילן נישט גיין לאיבוד, זאָל יעדע טרעפן אין ציל.

און עס איז געשען. די שטילקייט אויף די גאַסן פון געטאָ איז איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ טעמפּן קלאַפּ פון שטיוול־טריט און וואָפן. פון צוויי זייטן האָבן אין געטאָ אַריינמאַרשירט דייטשע שטורעם־אָפּטיילונגען, ס. ס., זשאַנדאַרן, לעטישע און אוקראַאינישע באַנדעס, ליטווישע שאַוליסן. די גאַסן זענען ליידיק, די הייזער — פינצטער און אימהדיק שטיל. אָבער פּלוצלונג האָבן זיך די שטילע און טויטע הייזער צעשריגן, צעגרענערט מיט אַ קאַנאָנאַדע פון קוילנוואַרפערס און האַנט־גראַנאַטן. פון די פענצטער, פון די בוידעמער און דעכער האָט עס געשפּיגן מיט טויט און פאַרניכטונג. די היטלער־באַנדעס זענען זיך צעלאָפן אין בהלה.

זיי זענען שפּעטער געקומען ווידער אַמאָל, גרעסער אין צאָל, שטאַרקער אין וואָפן און באַגלייט מיט טאַנקן. עס האָט געפלאַקערט אַ שלאַכט וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה און האָט זיך פאַרענ־דיקט מיט אַ מפּלה פון שונא. די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון שלאַכט־פעלד מיטנעמענדיק מיט זיך זייערע טויטע און פאַר־וואונדעטע.

דער שונא איז צוריקגעטרעטן, אָבער נישט אָפּגעטרעטן. דאָס האָבן די קעמפער אין געטאָ געוואוסט, זיי האָבן דאָס געזען. נישט לאַנג געוואַרט און די געטאָ האָט אויך דערהערט און דערפילט דעם נייעם, דעם פאַרגרעסערטן, דעם פאַרצענפאַכטן שטורעם. בייַ־נאַכט האָבן זיך צעדונערט האַרמאַטן, צעציטערט האָבן זיך די מויערן פון וואַרשע, ווילד געוואָי פון האַרמאַטן, שויבן־געבראַזג און פאַרלענדונג. פעלד־אַרטילעריע — פון דער ווייטנס; טאַנקן און אַנטי־טאַנק־אַרטילעריע — פון אינעווייניק, אין געטאָ און אַעראָפּלאַנען איבער איר. אָן וואַסער, אָן ליכט, אָן שפּייַז, אַרומגערינגלט און אָפּגעשלאָסן, אָן אויסזיכט אויף הילף פון דרויסן, אויסגעשטעלט בלויז אויף זיך אַליין, אויף די אייגענע כוחות און אָן דעם מינדעסטן שפּור פון האָפנונג אויף זיג אָדער רעטונג, האָבן די רעשטן פון געטאָ געקעמפט, געענטפערט מיט פייער אויף פייער.

אין פייער־פלאַמען און אין עסנדיקע רויך־וואָלקנס האָבן מויערן געפּלאַצט, צעשיט זיך ווי קאָרטן־הייזער, און פון צווישן די חורבות פון די אייגענע היימען, פון די לעכער אַרויס, האָט די געטאָ געשפּיגן מיט פייער און שטאָל. דורך טעג און דורך אימהדיקע נעכט — אַזוי איז אָנגעגאַנגען דער דאָזיקער קאַמף.

און עס איז געווען, אַז די כוחות אין געטאָ זענען אויסגעגאַנגען, עס זענען שיטערער געוואָרן די הענט וואָס האָבן פאַרטיידיקט און געקעמפט, האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס וואָפן. דעמאָלט זענען די דייטשע מאָרד־אָפּטיילונגען אַריינגעדרונגען אַלץ טיפער און טיפער אין געטאָ. אָבער די רעשטן געטאָ־קעמפער האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. צוריקגעטרעטן, פאַרפעסטיקט זיך און ביז דער לעצטער קויל, ביזן לעצטן מאַן געקעמפט, געגעבן ווידערשטאַנד. געפאַלן איז דער העלדישער קאָמענדאַנט, מרדכי אַנילעוויטש, פון „השומר הצעיר"; געפאַלן דער בויער פון ווידערשטאַנד — מיכאל קלעפּפיש, געפאַלן איז דער טראַציקער קריגער און מיליטערישער פירער פון געטאָ — בערעק שניידמיל, אָבער דער קאַמף גייט אָן ווייטער. דאָס זענען שוין נישט קיין רעגולערע שלאַכטן, דאָס זענען פאַרטיזאַנער־קאַמפן. פון די שעלטערס, פון אונטער די חורבות אַרויס, פון די לעכער, קאַנאַלן און אונטערערדישע היילן ווערט ווייטער געקעמפט, ביז דער לעצטער קויל, ביזן לעצטן אָטעם־צוג פון לעצטן לעבן־געבליבענעם.

רויט צעגליט איז דער הימל איבערן געטאָ, פייער און רויך פאַרדעקט דעם הימל איבערן געטאָ. עס גרעגערט מאַשין־געווער, עס קראַכן האַרמאַטן, עס ברומט די שווערע אַרטילעריע, אויפרייסן פון מינעס קרישלען אייזן און בעטאָן, צעשטויבן פילשטאָקיקע הייזער; און פייער־שפּייענדיקע צונגען פון פלאַמען־וואַרפער פרעסן אויס יעדן שפּור פון לעבן אין די לעכער, אין די גריבער פון הייזער־חורבות. און דער קאַמף גייט אָן ווייטער, ווייטער — ביזן לעצטן מאַן, ביז דער לעצטער קויל, זיבן וואָכן אַזוי. זיבן וואָכן פון בלוטיקן ווידערשטאַנד, ביז דער לעצטער סימן פון קאַמף איז פאַרלענדט געוואָרן, ביז דער לעצטער שפּור פון לעבן אין געטאָ איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

די וואַרשעווער געטאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן, אַ רויכערדיקער הויפן ציגל און ליים, און צווישן די ציגל און דעם ליים — די שטיל־געוואָרענע לעבנס פון אַן עיר ואם בישראל, פון אַ האַלבן מיליאָן קדושים און זיינע העלדן־מאַרטירער מיט דער אויסגעליידיקטער ביקס ביי דער זייט.

פערציק טויזנט יידן, בלויז נאָך פערציק טויזנט פון אַ האַלבן מיליאָן האָבן געלעבט אין געטאָ צו דער צייט פון אויפשטאַנד. די געשולטע אַרמיי — אַ קאַדער פון עטלעכע טויזנט בלויז, אַ קאַדער וואָס האָט פאַרנומען די ערשטע ליניע פון קאַמף, די ערשטע ליניע פון אויפשטאַנד פון גאַנצן פאָלק, פון אַ הייליקן קריג געפירט דורך אַלע יידן פון וואַרשעווער געטאָ, זייערע פרויען און קינדער. אַן אויפשטאַנד קעגן אָשוויענטשים, טרעבלינקע, בעלזשיץ און מיידאַנעק, אַן אויפשטאַנד קעגן זינלאָזן עקדה־גאַנג פון אַ גאַנץ פאָלק און — קעגן אומבאַשטראָפטן מאָרד און רציחה.

* * *

מיר זאָגן נישט קיין קדיש און מיר מאַכן נישט קיין אל מלא רחמימס; מיר רייסן נישט קיין קריעה און מיר שטעלן נישט קיין יאָרצייט־ליכט. דעם נר־תמיד טראָגן מיר מיט זיך, אין אונדזערע אויף שטיקער צעריסענע הערצער, אין אונדזערע הערצער באַהאַלטן מיר דעם זכרון, צערטלען מיר דעם אָנדענק, אַכפּערונג, יראת הכבוד און אומבאַגרענעצטע, אייביקע ליבשאַפט צו אונדזערע קדושים און

אַן אייביקן האַס צו זייערע פּייניקער, אַ האַס און אַ פאַראַכטונג לעולם ועד.

זאָל די רעכטע האַנט אונדז פאַרגעסן ווערן, זאָל זיך די צונג אונדזערע צום גומען צוקלעפּן אויב מיר וועלן דיך פאַרגעסן — וואַרשעווער יידנטום, פּויליש יידנטום, ליטוויש, לעטיש, רוסיש, רומעניש יידנטום, אייראָפּעאיש יידנטום; אויב מיר וועלן דיך נישט דערמאָנען אין טעג פון אונדזער גרעסטער פרייד, אין טעג פון מענטשישער גאולה, עד סוף כל הדורות, ווי לאַנג עס וועט לעבן אויף דער וועלט דער לעצטער ייד.

שאַנכיי, אַפּריל, 1946.

(רעדע געהאַלטן אויף דער טרויער־פאַרזאַמלונג, אָרגאַניזירט דורך דער בונדישער גרופּע אין שאַנכיי (כינע), צום דריטן יאָרצייט פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ).

# קבר געטאָ

טו אויס די שיך!
אין ערפורכט לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ
און שוויג.
אַ הייליקייט איז יעדער שטיין,
און וואו דו זאָלסט נישט גיין —
איז אַש.
אַש פון לייב און פון געביין,
אַש פון האָפנונג און חלומות,
אַש פון תפילות און גאָלגאָטע,
אַש פון פיין און פון געוויין.
גיי נישט ווייטער —
בלייב שטיין,
און ריר זיך נישט פון אָרט.

פאַרשטיי,
דער ערד דאָ, עס טוט איר וויי,
זי שרומפּט זיך אין יסורים,
עס ווײַנט פון איר אַרויס דאָס בלוט
פון קינדער און פון זיידעס,
עס ווײַנט אַרויס פאַרשניטנקייט
פון דורות-לאַנגע עדהס.
ביסט פאַרשוואַכט?
עס ציטערן ביי דיר די קני?
מסתמא נישט פון הי —

גערקומען פון אַ ווייטער פרעמד,
עס גלויבט זיך נישט די אויגן וואָס זיי זעען,
און ס'איז שווערלעך צו באַנעמען וואָס געשעען.
שפּאַר זיך צו דאָ אָן אַ שטיין, אָט דאָ, דערנעבן —
אפשר וועט דיר גרינגער ווערן.
נאָר זאָלסט נישט וויינען,
נישט באַוויינען —
דאָ דאַרף נישט קיינער דיינע טרערן.

הויב אויף דעם קאָפּ צום הימל הויך
און קוק אים דרייסט אַריין אין פּרצוף.
ער איז בלוי, נישט רויט פון חרפּה.
און רואיק איז ער, נישט צעטומלט.
גלייך ווי גאָרנישט איז געשען.
אַזוי איז ער געווען אויך דעמאָלט,
אין יענער שעה פון אונדזער פּיין.
קוק! און קער דיין בליק
אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט:
אַזוי פיל מענטשן, דאַכט זיך,
און קיינער נישט, קיין איינער
וואָס זאָל האָבן אונדז דערהערט.
ס'האָט דער מזרח מיטן מערב
מיט דער זון געשפּילט אין באָל,
אין יענע טעג פון אונדזער פּיין,
און אַקוראַט אַזוי אויך היינט!...
דו וויינסט?
פאַרשטום!
ס'איז זאַלץ אויף נאַקעט, וואונדיק לייב.
פּונקט ווי ס'איז באַשטעלטע לייד,
באַשטעלטע רייד, צום אָנדענק, לזכרון.

זאָלסט נישט וויינען,
נישט באַוויינען —
דאָ דאַרף נישט קיינער דיינע טרערן.
ס׳איז דערווידער יעדער טרויער,
יעדע עצבות איז דאָ לעסטיק,
יעדער קדיש איז אַ חילול
און אַ שקר — מלא רחמים.
און אַ שווינדל איז דער רעקוויעם —
שווינדל אָט דער גאַנצער טרויער
סיי פון גאָט און סיי פון לייט.
אמת, עכט איז אונדזער פּיין,
עכט — דאָס אַש און גאָרנישט מער,
עכט איז אונדזער איצטיק זיין
און גאָרנישט מער.
זאָלסט נישט וויינען,
נישט באַוויינען,
ס׳איז זאַלץ אויף נאַקעט, וואונדיק לייב —
פאַרשטום!
און לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ —
און שוויַיג!

מעלבורן, 1954.

# עפנט אויף די טויערן פון צדק

עפנט אויף די טויערן פון צדק —
לאָזט אַריין!
יעדער איינער איז אַ צדיק,
נישט געקליבן, נישט געזוכט —
גרויס און קליין,
מן המבחר,
די גלאָריע פון קדושים אויף די קעפּ זיי שיינט!
ס'האָט איעדער דאָ געצאָלט זיין פּרייז —
דער זיידע מיטן אייניקל צוזאַמען,
דאָס עופהלע בשותפות מיט דער מאַמען,
ריין זענען אַלע,
געלייטערטע אין פּיין,
ריין —
ווי נאָר עס קען אַ פייער זיין.
זינד?

ביי דער מאַמען נאָך אין בויך
אַ נישט אויסגעטראָגן קינד,
אַן אַנדערס —
פון דער מאַמעס בריסט,
צי אָוועקגעריסן פון דער האַנט,
און דאָס מוחל צעשמעטערט אָן אַ וואַנט.

זינד?
טאַטע־מאַמעס גרויל,
די שוים אויף זייער מויל
פון נישט דערשריגענעם ווייי
איבער קינדערס שרעק,
איבער קינדעריש געשריי.

זינד?
דעם זיידנס פרייד פון אָפּגעלעבטן לעבן,
דער באָבעס טרייסט אין אַלטע יאָרן:
דער אויפגעשטעלטער דור,
אָט איז דער בכור,
אָט איז די מוזינקע.
און אָט דער נחת — אייניקלעך,
רירעוודיקע, פלינקע.

זינד?
נישטאָ קיין זינד אין פייער!
עפנט אויף די טויערן פון צדק,
לאָזט אַריין!

שאַנכיי, יאַנואַר, 1946.

# נישט פאַר אונדזערע כוחות

דער ענין: יאָ אָדער נישט פירן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד וועגן אַנטשעדיקונג, האָט אין דער יידישער וועלט גורם געווען אַ טיף דראַמאַטישער קאָנפליקט. די יידישע געזעלשאַפט, אין ישראל ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, איז צעטיילט אין צוויי צדדים, ווייט נישט לויט וועלכע עס איז פּאַרטיי־פּאָליטישע איינשטעלונגען. מען קאָן אין יעדן צד געפינען אָנהענגער פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שיטות און דעות, וואָס ווירקן אין יידישן לעבן — רעליגיעזע, ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען און בונדיסטן.

אפילו אין דער כנסת, וואו עס האָט ביי דער אָפּשטימונג רעציִדירט בעיקר פראַקציאָנעלע דיסציפּלין, זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פון דער דיסציפּלין אַרויסגעבראָכן, געשטימט קעגן אָדער זיך אָפּגעהאַלטן. און דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן הינטער די פענצטער פון דער כנסת איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. צווישן די טויזנטער יידן, וואָס זענען געקומען צו דער כנסת אויסשרייען זייער פּראָטעסט קעגן דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד, זענען וואַרשיינלעך ווייט נישט אַלע געווען אָנהענגער פון „חירות”. נישט מער, עס האָט אַפּעלירט דער רוף זייערער, וואָס האָט דאָס מאָל געטראָפן אין סאַמע צענטער פון הארץ און געמיט פון די דאָזיקע יידן.

עס איז אַ קאָנפליקט צווישן שכל און געפיל און ביי די אָנהענגער פון אונטערהאַנדלונגען, ביי די יאָ־זאָגער, דאָמינירט דער ניכטערנער, טרוקענער שכל הישר. עס שפּילט זיי צו די נויט, וועלכע איז אין דעם פאַל — ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן — אַ שלעכטער בעל־עצה. דער ענין ווערט דורך זיי טראַקטירט פּאָליטיש און אין פּאָליטיק זענען נישטאָ קיין סענטימענטן. און טאָמער זענען זיי יאָ דאָ — דערדריקט מען זיי.

אוודאי זענען ביי די יאָ־זאָגער פונקט אַזוי פאַראַן די זעלבע געפילן צו דייטשלאַנד ווי ביי די ניין־זאָגער: מען האָט דייטשלאַנד

פּיינט, מען האָסט עס, מען איז דורכגעדרונגען מיט אַ באַגרינדעטן און באַרעכטיקטן באַגער פֿון גאולת הדם, וואָס איז נישט געשטילט געוואָרן. אַלאַ וואָס, די יאָ־זאָגער האָבן די געפֿילן „אַנגענומען פֿאַרן גאָרגל" און געלאָזט קומען צום וואָרט דעם „ריינעם שכל". און פּראַקטיש, תּכליתדיק, זעט די זאַך אויס מער ווייניק אַזוי:

דאָס לעבן איז אַ ברוטאַלע זאַך, די ברוטאַלסטע אין דער וועלט. עס האָט זיך זיינע געזעצן און ווי לאַנג דו לעבסט, האָסטו מיט זיי, אויב נישט שלום געמאַכט, איז אַ וואָפֿנשטילשטאַנד געשלאָסן לכל הפּחות האָסטו מיט זיי. אַנישט — וואָלסטו געמוזט פֿון לעבן אוועק־גיין, ווארום דאָס לעבן איז שטאַרקער.

די דייטשן האָבן נישט בלויז געמאָרדעט, נאָר אויך גערויבט, און יידן האָבן דאָס רעכט צו מאָנען צוריק דאָס, וואָס איז מעגלעך ביים רויבער און מערדער צוריקצוקריגן. זאָל נישט גילטן דער כּלל: רצחת וגם ירשת. די דייטשן זענען אַ פֿאָלק פֿון זיבעציק מיליאָן, זיי לעבן צוזאַמען מיט אונדז אויף איין פּלאַנעט און דערמיט מוז מען זיך רעכענען. זעצן זיך צום טיש מיט די דייטשן הייסט נאָך נישט מוחל זיין. עס הייסט בלויז: פֿאַרהאַנדלען מיט זיי וועגן דעם וויפֿיל זיי דאַרפֿן צאָלן, די צייט און פֿאָרם פֿון צאָלן און אַזוי ווייטער.

איז דאָס טאַקע אַלץ אמת, ליידער, און שכלדיק געזונג, און עס איז דאָ נישט כּדאַי אָנטקעגנצושטעלן די ספֿיקות און קעגן־אַרגו־מענטן מצד שכלדיקע ניין־זאָגער. און אַזעלכע זענען אויך פֿאַראַן: מען קאָן צו די דייטשן קיין צוטרוי נישט האָבן, אַז זיי וועלן טאַקע צאָלן. זיי האָבן די אַליאירטע פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט געצאָלט, וועלן זיי די יידן אוודאי נישט צאָלן. אַדענויער וועט אונטערשרייבן און אַ צווייטער וועט קומען און וועט אויסמעקן, און מיר — מיר וועלן האָבן פֿוילע פֿיש געגעסן און פֿון שטאָט אַרויסגעטריבן.

נישט כּדאַי, ווי געזאָגט, אַנטקעגנצושטעלן די דאָזיקע ניין־אַרגומענטן, ווייל הינטער זיי באַהאַלט זיך אויך אַ הסכּם אויף יאָ אין פּרינציפּ און אַ ניין צוליב מורא, בלויז דערפֿאַר ווייל דער דייטשער קאָנטראַהענט קאָן האַנדלען ווי אַ זשוליק.

נישט כּדאַי, ווארום מיט בלויזער שכלדיקייט קאָן מען דאָ צו ווייט פֿאַרפֿאָרן. עס גייט אין גאַנצן וועגן עפּעס אַנדערש: עס גייט

וועגן דעם געפיל־עלעמענט, וואָס טאָר און קאָן אין דעם פאַל נישט פאַרגוואַלדיקט ווערן.

פאַר אונדזער דור, די לעבעדיקע עדות פון אַ פאָלקס־אומגליק, וואָס האָט קיין גלייכן נישט צו אַלע אומגליקן אין אונדזער פיל־טויזנטיעריקער געשיכטע, איז עס נישט מעגלעך שלום צו מאַכן מיט די אויבנדערמאָנטע אמתן פון די יאָ־זאָגער. אַלע אונדזערע געפילן בונטעווען זיך קעגן זיי. די ניכטערנע שכלדיקייט אין דעם פאַל שטיקט און ווערגט. אונדזער דור לעבט, און ער וועט שוין אַזוי פון דעם דאָזיקן לעבן פאַרגיין, מיטן באַוואוסטזיין פון אַן אַנדער רעאַלן פאַקט, פון אַן אמת — אַ פּיינפולן ביטערן אמת — פון פאַרשניטענע זעקס מיליאָן יידן. און דער דאָזיקער אמת, די דאָזיקע ווירקלעכקייט טאָר נישט פאַרלעצט ווערן מיט קיין שום שכל און לאָגיק. און מען טאָר אויף דער דאָזיקער ווירקלעכקייט נישט מוותר זיין, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין אונדזער נויט און ווי באַרעכטיקט, אין תוך, עס זאָלן נישט זיין אונדזערע טענות און תביעות צו די דייטשן.

זעצן זיך צום טיש מיט פאָרשטייער פון אַ מערדער־פאָלק און־טערהאַנדלען וועגן געלט? — יהרג ועל יעבור. דער דאָזיקער, אי בלוט אויסגעוויקטער, כּלל ווערט אונדז דאָ דיקטירט פונם איידלסטן געפיל, וואָס אַ שווער געטראָפן פאָלק צערטלט אין זיך, אינם הייליקן זכרון פון זעקס מיליאָן מאַרטירער־טויטן.

דאָס איז מער ווי שכל הישר. אין קאָן שטייט דער כבוד און די רו פונם אַש, וואָס איז צו קבר ישראל נישט געקומען; אין קאָן שטייט דאָס מאָראַלישע זעלבסטגעפיל פון אונדז לעבן־געבליבענע יידן.

געפילמעסיק האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַן ענין, וואָס לאָזט זיך בשום אופן נישט דערליידיקן מיט אַן אָפּשטימונג פאַר אָדער קעגן. שוין דאָס אַוועקשטעלן אַזאַ ענין אויפן סדר־היום קומט אויס צו זיין עפּעס אַזוי נישט געוויינלעך, אַזוי משונהדיק, אַז עס צעפּלאָ־קערן זיך די נערוון אין דיין געביין.

ווען מ׳וואָלט געקענט גיין און נעמען — נעמען צוריק דאָס נערויבטע מיט דעם לעבן פון נאַצישן רויבער און מערדער צוזאַמען אַזוי ווי ס׳איז געטאָן געוואָרן צו אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע, אַזוי ווי די נאַצים האָבן דאָס געוואָלט טאָן מיט אונדז אַלעמען

אומעטום וואו מיר זענען, — וואָלט דאָס געווען אַ דערהויבענער אַקט פון אויספירן אַ צוואה פון מיליאָנען. עס וואָלט געווען אַן אַקט, וואָס וואָלט צוגעגעבן אַ סך זין און באַרעכטיקונג פאַר אונדזער עקזיסטענץ, פאַר אונדזער לעבן, וואָס איז על פּי צופאַל פאַרשוינט געוואָרן. אָבער גיין „אויף קאַלט", מיט אַ שטייף־געפּרעסטן קאָלנער, מיט ווייסע הענטשקעס אין די הענט, לויט פאָראויס באַשטימטע כּללים פון דיפּלאָמאַטישן פּראָטאָקאָל, זעצן זיך צום טיש מיט זיי — דאָס איז נישט פאַר אונדזערע כּוחות.

אָפּגערעדט דערפון, וואָס דאָס קען אונדז קאָסטן, וואָס מיר וועלן דאַרפן צאָלן דערפאַר. מען וועט דאָך דאַרפן, מען וועט דאָך מוזן די דייטשן עפּעס געבן אויך. ביי אונטערהאַנדלונגען זענען דאָך תּמיד דאָ צוויי. אונטערהאַנדלונגען אַליין איז דער טייטש: מסחר, האַנדל, אַ דינגעניש און אַן אַדורכקומען צווישן זיך. מיר וועלן פאָדערן און די דייטשן וועלן פאַרלאַנגען. פאַר מדינת ישראל קאָן דאָס הייסן — דיפּלאָמאַטישע, קאָנסולאַרע און האַנדלס־באַציאונגען. אויף איינער פון די געביידעס פון תּל־אביב צי ירושלים וועט פלאַטערן די טריפּהנע דייטשע פאָן; יידיש מיליטער וועט דאַרפן צוטיילן כּבוד — זאָל זיין פאָרמעלן כּבוד — דער דייטשער פאָן, פּרעזענטירן פאַר דייטשן דאָס יידישע געווער, אויפשפּילן פאַר זיי דעם הימן „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס"...

וואָס פאַר אַ גראָטעסק פון אַ פינצטערער יידישער ווירקלעכקייט? וועלן דאָס יידן קענען איבערטראָגן?

אין מסחר קאָן דאָס הייסן, אַז מדינת ישראל זאָל ווערן אַן אָפּזאַץ־מערק פאַר סחורות תּוצרת גרמניה. פאַר יידן בכלל קאָן עס הייסן: פּסיכאָלאָגיש־מאָראַלישע קאַפּיטולאַציע לגבי דייטשלאַנד. מען וועט זיך מאַסנהאַפט מתּיר מאכן דאָס, וואָס אַ קליינע מינדערהייט יידישע נישטיקייטן טוט שוין איצט בסוד און אָפן — האַנדל מיט דייטשלאַנד, פאַרשפּרייטונג פון דייטשע סחורות.

די יידישע פּרעסע אין מדינת ישראל וועט מוזן אָנהויבן וועגן און מעסטן יעדעס וואָרט וועגן די דייטשן. דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען פאַרפליכטן דאָך. מען וועט דריקן אין זיך, ווערגן זיך מיטן צער און צאָרן, וועלכער וועט נישט קענען קומען מער צום אויסדרוק, אין וואָרט לכל הפּחות. דאָס געדרוקטע וואָרט וועט מוזן דעמאָלט פּאָליטיש פּאָלירט ווערן, דיפּלאָמאַטיש געזופּט און געקליבן.

זענען מיר אימשטאַנד אַזאַ פּרייז צו צאָלן, ווען אַפילו פאַר צען מיליאַרד? ווען אַפילו אין דער גרעסטער נויט? זענען מיר בכלל אימשטאַנד צו צאָלן אַ וועלכן עס איז פּרייז? וואָס פאַרמאָגן מיר דען פאַר די דייטשן מער ווי האַס און פאַראַכטונג?

דירעקטע אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן וועגן אַנטשעדיקונג — דאָס איז נישט פאַר אונדזערע כוחות.

* * *

יאָ, פאַרגעסן: די יידישע קאָמוניסטן זענען אויך קעגן אונטער־האַנדלונגען. נישטאָ קיין איינער צווישן זיי, וואָס זאָל זיין פאַר. דער דראַמאַטישער קאָנפליקט, וואָס דער ענין אונטערהאַנדלונגען מיט דייטשלאַנד האָט אַרויסגערופן אין יידישן לעבן, האָט מיט זיי קיין שום שייכות נישט. פאַר זיי איז געגנוג בלויז דאָס, וואָס עס האַנדלט זיך דאָ וועגן מערב־דייטשלאַנד. מיט מזרח־דייטשלאַנד זענען די יידישע קאָמוניסטן שוין דורכגעקומען, שלום געמאַכט מיט די דייטשן דאָרט און דאָס — אָן שום אונטערהאַנדלונגען. דאָרט, אין מזרח־דייטשלאַנד, זענען די מערדער פון יידישן פאָלק, די רויבער פון יידיש האָב און גוטס געכשרט על צד היותר טוב. וואָרום עס ליגט אויף זיי דער הכשר פונם „פאָטער פון די פעלקער". מערב־דייטשלאַנד האָט נאָך אַזאַ הכשר נישט און נאָר דערפאַר זענען די יידישע קאָמוניסטן קעגן, טאַקע טאָטאַל קעגן.

מעלבורן, 1951.

# דער „בונד"*)

פופציק יאָר „בונד" איז אַ יובל־דאַטע נישט בלויז פון אַ באַוועגונג אין יידישן לעבן, פון אַ פּאַרטיי. פופציק יאָר „בונד" באַדייט פיל מער: עס איז אַ יובל־דאַטע פון אַ וועלט־אָנשויאונג אין יידישן לעבן.

דאָס יאָר 1897, דאָס גרינדונגס־יאָר פון „בונד", גייט אַריין אין דער יידישער געשיכטע ווי אַ דאַטע, וואָס האָט אויף דורות פאַרצייכנט דעם אָנהויב פון אַ מאָדערנער, וועלטלעכער יידישקייט. דאָס דאָזיקע יאָר צייכנט דעם אָנהויב פון אַ נייעם וועג — דעם אָנהויב פון איינעם פון די וועגן אין יידישן לעבן לכל הדעות.

נאָך די מיסטישע באַוועגונגען אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער איז דאָס יידישע לעבן געבליבן שטיין, פאַרגליווערט געוואָרן אין זיך, פאַרוואָקסן געוואָרן אין שטויב פון אַלטע, פאַרקאַווערטע לעבנס־פאָרמען; אונטער באַדינגונגען וואָס האָבן אויסגעזויגן דעם מאַרך פון די ביינער, צוגענומען דאָס חיות און גלויבן אין די אייגענע כוחות; אונטער אַ שטייגער וואָס האָט געבונדן די הענט, געהעמט די איינגעבוירענע ענערגיע וואָס יעדער לעבעדיקער מענטש פאַרמאָגט אין זיך — אַ שטייגער וואָס האָט פאַרשטעלט די וועלט און די וועגן, וואָס האָבן צו איר געפירט.

אַן אָפּגעשלאָסענע אין זיך אַליין, אין אייגענעם מאַטעריעלן דלות, אַ שטייענדיקע, אַ פאַרזומפּטע און ווילנסלאָזע נויט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס יידישע לעבן אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד. אַ מיסטישער גלויבן אין טראַנסצענדענטאַלע, איבערערדישע אויסלייזונגס־כוחות אָן רעאַלער ממשות, האָט דערהאַלטן קוים דאָס חיות, וואָס האָט זיך שטאַרקן נישט געקענט, נאָר האָט עס וואָס ווייטער אַלץ מער נאָך אָפּגעשוואַכט — פיזיש ווי מאָראַליש.

---

*) געשריבן אין אָקטאָבער 1947, צום פופציק־יעריקן יובל פון „בונד".

א וועגלאָזע מאסע, א קופּע שטויב, אויסגעשטעלט אויף יעדן ווינד און וויי.

נויט איז געווען נישט קיין מכה פון דער ערד, א מכה וואָס מען דאַרף און מען קאָן היילן, נאָר א קללה פון הימל. אַרבעט איז געווען א שאַנד און אַלע אַנדערע צרות און שלעק, פּאָגראָמען און פאַרפאָלגונגען, זענען געווען א שטראָף פון הימל. יעדער הער־שער האָט געהאַט א שר אין הימל, געווען פון גאָט אַליין געזאַלבט, יעדער רשע און צורר איז געווען א שליח פון הימל. און דער איינציקער אויסוועג, די איינציקע רעטונג איז געווען — תשובה און תפילה.

און אָט האָט זיך אין דאָזיקן יידישן טרערן־טאָל פּלוצלונג באוויזן א כוח, וואָס האָט אויפגערודערט דעם שטייענדיקן זומפּ. עס האָט זיך באוויזן אַן ערדישע האַנט וואָס האָט געצייכנט א וועג, א האַנט וואָס האָט אָנגעהויבן פירן ארויס פון דער נויט, ארויס פון דער פּאַסיווער הילפלאָזיקייט, א וועג אין דער גרויסער, ברייטער וועלט אריין. דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד.

ווען דער מנין יידישע סאָציאַליסטן האָט זיך אין 1897 צונויפ־גענומען אויפן גאָרן פון ווילנער הילצערנעם הייזל און פּראָקלאַמירט דעם נייעם וועג אין יידישן לעבן, האָט מען דעמאָלט וואַרשיינלעך נישט פאָראויסגעזען די ווייט, די גרויס און טיף, דעם היסטאָרישן פאַרנעם און באַדייטונג פון דאָזיקן אַקט, דאָס גרויסע און דערהויבענע. די היסטאָרישע ראָל פון דער פאַרזאַמלונג פונם דאָזיקן מנין מענטשן האָט געשטעקט דערין, וואָס מען האָט דעם וועג דערזען, גענומען זיך דעם מוט צו צייכענען דעם דאָזיקן וועג און — צו פירן.

געשטיצט אויף די אייגענע כוחות, וואָס האָבן געדרימלט אין יידישן לעבן, אין דער יידישער ווירקלעכקייט, וועלכע מען האָט אויפגעוועקט, ארויסגערופן צו אַקטיווע מעשים, אָרגאַניזירט זי און געשטאַרקט; אָנגעשפּאַרט אָן דער וויזיע פון א בעסערער און שענערער וועלט, איז געשען דער נס — דער תחית המתים אין יידישן לעבן. שטויב איז אין צעמענט פאַרוואַנדלט געוואָרן און פון צעמענט איז אויסגעוואַקסן א בנין פון טאַט, פון אַקטיווער לייסטונג. די פאַרפּיי־ניקטע, די דערשלאָגענע, די האָפנונגסלאָזע יידישע אָרעמקייט האָט גענומען דעם גורל אין די אייגענע הענט אריין.

אַרבעט, פיזישע אַרבעט, האָט געקראָגן א ווערט און א פּרייז.

דער מענטש פון אַרבעט האָט באַקומען מאַכט און חשיבות. דאָס אַליין האָט באַדייט אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן.

אָבער נישט בלויז דאָס אַליין.

צוזאַמען דערמיט האָט זיך אַנטוויקלט דער באַוואוסטזיין פון אייגענעם כוח און ווערט, ווי מענטשן און ווי יידן, אַ מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין. דער ווילנער שוסטער הירש לעקערט האָט דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין דעמאָנסטרירט פאַר דער גאַנצער וועלט. די גרויסקייט באַשטייט טאַקע אין דער סומע באַוואוסטזיין און ווירדע־געפיל, וואָס לעקערט האָט אַריינגעלייגט אין זיין ענטפער „מיט בליי אויף אַ שפּיי"...

די טשודנאָווער קדושים, די העלדן וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן די צאַרישע פּאָגראָמשטשיקעס, האָבן מיט זייער בלוט געצייכנט דעם וועג פון שטאָלצן ייד און מענטש, דעם וועג פון ווידערשטאַנד און קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן.

אַ באַוואוסטזיניקע און אָרגאַניזירטע קראַפט האָט זיך באַוויזן אין יידישן לעבן, אַ קראַפט וואָס האָט זיך שפּעטער אין די געטאָ־קאַמפן אין פּוילן אַזוי העראָאיש געחתמעט אויף די בלוטיקע בלעטער פון דער נייעסטער יידישער געשיכטע. ווי ווייט, ווי הימל הויך האָט זיך די דאָזיקע קראַפט אַוועקגעשטעלט לגבי דעם לעגענדאַרן גולם פון פּראָג מיט הונדערטער יאָרן פריער. די האַק און דעם האַמער פון שוץ האָט גענומען אין דער האַנט אַריין נישט קיין ליימענער גולם, נאָר אַ לעבעדיקער מענטש פון פלייש, בלוט און נערוון, אַ מענטש מיט שכל און באַוואוסטזיין. דאָס איז געווען דער נייער ייד, וואָס האָט זיך אויפן בוידעם־שטיבל אין ווילנע, אינם יאָר 1897, צוריק געפונען נאָך דורות פאַרלוירנקייט. דאָס איז געווען די אָר־גאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט, עס איז געווען דער „בונד".

אין דער בלוטיקער כראָניק פון וואַרשעווער געטאָ ווערט דער־ציילט: די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פון אונטערערדישן „בונד" האָט דעם ערשטן מאַי (1944) זיך פאַרזאַמלט אין אַ חורבה אין שכנות פון די נאַצישע בלוט־הינט. באַוואָפנט מיט געווער, מיט אַן אויטאָ־מאַטישן ביקס אויפן טיש, גרייט צום לעצטן קאַמף, גרייט צו פאַלן אין דאָזיקן קאַמף, איז דורכגעפירט געוואָרן די פייערונג פון ערשטן מאַי.

וויפיל מאָראַלישער כוח, וויפיל גייסטיקע גבורה און דערהויבונג

שטעקט אינם דאָזיקן אַקט, וועלכער סימבאָליזירט אַזוי מעכטיק די טרייהייט אָן גרענעצן, וואָס די דאָזיקע מענטשן האָבן, אין אָנבליק פון טויט, אַרויסגעוויזן צו זייערע אידעאַלן, צו זייער שבועה, דער שבועה פון בלוט און פון טרערן, דער שבועה אויף לעבן און טויט, וואָס זיי האָבן געגעבן דעם „בונד" און דורכן „בונד" — די יידישע אַרבעטער־מאַסן, דעם יידישן פאָלק.

דאָס איז געווען דער כוח פון 1897.

* * *

מיט פופציק יאָר צוריק, אינם זעלבן יאָר ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „בונד", איז געקומען צום לעבן נאָך איין מאָדערנע יידישע באַוועגונג — דער פּאָליטישער ציוניזם. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַ צווייטן וועג אין יידישן לעבן. דער דאָזיקער וועג האָט פּאַרלייקנט דאָס לעבן און די יידישעווירקלעכקייט אין גלות און אַלץ געשטעלט אויף איין קאָרט — אויף דער קאָרט פון אַן אייגן לאַנד אין ארץ־ישראל. דער „בונד" האָט זיך געשטעלט אויפן יסוד פון דער יידישער ווירקלעכקייט, אויפן יסוד פון אַ רעאַלן פאַקט, דעם פאַקט פון צעשפּרייטקייט פון יידישן לעבן צווישן די לענדער און פעלקער פון דער וועלט און ער האָט געגעבן דערויף זיין ענטפער: דאָרט וואו יידן זענען — דאַרפן יידן לעבן, דאַרפן זיי אַרבעטן און קעמפן פאַר זייער לעבן און רעכט. אויף די ערטער וואו מען לעבט דאַרף דאָס מענטשלעכע, ווי דאָס יידישע, לעבן אויסגעשטריטן ווערן. דאָס איז געווען אַן ענטפער געשטיצט אויך אויף דער טיפער איבערצייגונג און גלויבן אין אַ בעסערער וועלט, אין אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט, וועלכער איז אַן אומבאַדינגטער תנאי פאַר דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק.

ציוניזם און „בונד" זענען צוויי אידעאָלאָגיעס אין יידישן לעבן, וואָס האָבן זיך ביידע קעגנזייטיק באַקעמפט, אין משך פון פופציק יאָר געקעמפט פאַר דער יידישער נשמה. און היינט, פונקט ווי מיט פופציק יאָר צוריק, — היינט אפשר נאָך מער ווי דעמאָלט, — האָט זיך דער היסטאָרישער פאַקט פון צעשפּרייטקייט פון יידישן פאָלק נישט געענדערט, די חילוקי־דעות — נישט אויפגעהערט. דער „בונד" האָט דעם „גלות" אָנגענומען ווי דעם יסוד פון זיין יידישער וועלט־אָנשויאונג נישט דערפאַר ווייל גלות איז גוט, נאָר ווייל דער גלות

איז אַ פֿאַקט און אויף דעם דאָזיקן פֿאַקט האָט ער געבויט זיין אידעאָלאָגיע, זיין אידייאישן וועג.

דער גלות עקזיסטירט און עס עקזיסטירט אין גלות יידיש לעבן, וואָס דאַרף אויך ווייטער לעבן און זיין.

* * *

פופציק יאָר איז נישט מער ווי אַ פינטל מיטן אויג פון דער אומענדלעכער צייט. אינם לעבן פון אַ מענטש באַדייט עס אַלץ, דאָס גאַנצע. אין לעבן פון אַ פאָלק איז פופציק יאָר בלויז אַ ברוכטייל פון צייט, וואָס אַ פאָלק האָט הינטער זיך און אוודאי — פאַר זיך. אָבער דאָס וואָס עס איז געשען אין משך פון אָט דער קורצער צייט שליסט זיך נישט אָפּ אין די ראַמען פון אָט די עטלעכע צענדליק פאַרלאָפענע יאָרן.

אויף די בלוטיקע פליינען פון דער יידישער געשיכטע האָט זיך מיט פופציק יאָר צוריק פאַרצייכנט אַ וועג, וואָס איז אין משך פון דריי דורות געווען איינער פון די הויפּט־טראַקטן דורך וועלכן עס איז געגאַנגען דאָס נייע, דאָס מאָדערנע, דאָס וועלטלעכע יידישע לעבן. עס איז געווען דער גאַנג פון נייעם יידנטום, עס איז געווען דער וועג צו דער וועלט און — צו זיך אַליין, צום פאָלק. עס איז געווען דער וועג צו פּראָדוקטיווער, שעפערישער אַרבעט און נאַציאָנאַלער, קולטורעלער און גייסטיקער דערהויבונג.

1897 איז געווען דער אָנהויב פון אַ גרויסער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער האָפנונג, געווען די פאָן וואָס האָט געבלוטיקט אין קאַמף און איז אין בלוטיקן קאַמף נישט שוואַכער, נאָר כסדר שטאַרקער געוואָרן; 1897 איז געווען די פאָן, וואָס האָט דעם יידישן אַרבעטער און מאַסן־מענטש אַרויסגעפירט פון קעלער אַרויס צום קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, פאַר רעכט און גערעכטיקייט. די דאָזיקע פאָן האָט דעם יידישן אַרבעטער געגעבן חיות אין די מידע ביינער זיינע, אויסגעגלייכט זיין רוקן, אויפגעהויבן זיין קאָפּ און געשטאַרקט זיין מוט. די דאָזיקע פאָן האָט אים געגעבן אַ זין פאַר זיינע ליידן און אַ ציל אין זיין קאַמף.

דאָס איז געווען די היסטאָרישע באַדייטונג פון 1897.

* * *

פאַרשניטן איז דאָס יידישע לעבן אין די דורות־לאַנגע קאָמ־פאַקטע ישובים זיינע. מיט דער פיזישער פאַרשניטנקייט פון יידישן

פאָלק איז אויך פאַרשניטן געוואָרן דער „בונד”. אַנדערש האָט עס גאָר נישט געקענט געמאָלט זיין, ווי נאָר דורך פיזישער פאַרניכטונג. וואָרום דאָס יאָר 1897 איז געווען אין בלוט, געפלאָסן אין די אָדערן פון די יידישע מאַסן און געווען מיט זיי אומצעטיילבאַר באַהאַפטן אויף אייביק און תמיד.

נישט קיין יום־טוב איז היינט, אַזוי ווי דאָס וואָלט באַדאַרפט זיין. נישט קיין פרייד און יובל. אין טרויער געהילט איז דאָס יידישע פאָלק. אין טרויער, אין אומגעשטילטער בענקשאַפט און ווייטיק שטייען היינט בונדיסטן אַרום דער פאַרבלוטיקטער פאָן זייערער. אין יראת־הכבוד און קדושה דערמאָנען זיי היינט די גרינדער און פירער זייערע, בייגן זיי די קעפּ פאַר די העלדן און מאַרטירער, וואָס האָבן די לעבנס זייערע געשטרעקט אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט, אין קאַמף פאַר יידיש לעבן און אייביקן קיום.

אין טיפער זאָרג איבערן גורל פון געפלאָגטן און שווער גע־פּרואווטן יידישן פאָלק, איבערן גורל פון זיין פיזישן און נאַציאָנאַלן קיום, אָבער מיט אומגעבראָכענעם ווילן און גלויבן, שטייען מיר היינט, אומעטום וואו נאָר בונדיסטן געפינען זיך, אַרום דער רויט־רייכער פאָן זייערער.

אינם פינצטערן היינט האַלטן מיר די פאָן אין אונדזערע הענט, וואַכן מיר איבער איר, כדי זי איבערצוגעבן די קומענדיקע דורות יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן — דעם יידישן פאָלק, אין אַ באַנייטן און ליכטיקן מאָרגן, וואָס וועט, וואָס מוז קומען.

# מדינת ישראל און מדינת יידיש

אין דער יידישער מדינה ווערט יידיש אונטערדריקט. אַ טאָג־צייטונג אין יידיש ווערט נישט דערלאָזט. פאַר דער וואָכן־פּרעסע אין יידיש „פעלט" אָפט מאָל אויס פּאַפּיר. טעאַטער אין יידיש איז רעדוצירט צו באַגרענעצטע גאַסט־אויפטריטן. וואָרט־קאָנצערטן אין יידיש ווערן דערלאָזט נאָר אונטער אַ תנאי, אַז אַ טייל פון פּראָגראַם וועט אויסגעפירט ווערן אין העברעאיש (און עס האַנדלט זיך טאַקע בעיקר וועגן דעם ת נ א י). וועגן יידיש און יידישע ליטעראַטור אין די שולן איז אָפּגערעדט.

דאָס געשעט אין אַ צייט, ווען מיליאָנען יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן מיט יידיש אויף די ליפּן; ווען צענדליקער טויזנטער יידן זענען אָנגעקומען אין לאַנד מיט יידיש אויף די ליפּן. דאָס געשעט אין דער יידישער מדינה, וועלכע רופט צו זיך אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט, וואו עס זענען נאָך ביי היינטיקן טאָג פאַראַן מיליאָנען ביי וועלכע דאָס גאַנצע גייסטיקע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע לעבן און לשון איז — יידיש. אַ ייד, יעדער ייד, איז אַ פּאָטענציעלער בירגער פון דער יידישער מדינה, אָבער יידיש לשון טראָגט זיך דאָרט אַרום מיט אַ נאַנסען־פּאַס. נאָך וויניקער — יידיש האָט דאָרט נישט קיין שום רעכט, עס איז מחוצן געזעץ.

די פּאָליטישע פּיאָנערן פון ארץ־ישראל זענען געווען העברע־איסטן. זייער קולטור־פּאָליטישע באַציאונג צו יידיש איז פון אַלע־מאָל געווען אַ קלאָרע, זייער שנאה צו יידיש איז באַקאַנט. מיט'ן אָנקומען פון טויזנטער יידן פון אייראָפּע איז צו דער שנאה צוגע־קומען אויך מורא, די מורא, אַז יידיש זאָל נישט ווערן אַ קאָנקורענץ צו העברעאיש. יידיש קאָן זיך נאָך „חלילה" אַזוי אָננעמען, אַז

דאָס דאָזיקע באַשריגענע לשון זאָל דע פאַקטאָ ווערן אַ שטיקל שותּף צו דער קולטור פון לאַנד און העברעאיש זאָל זיך אפשר מוזן מיט דער צייט אַ ביסל טיילן מיט יידיש. דאָס טאַקע וויל מען נישט. מען וויל עס נישט, נישט בלויז, אַזוי צו זאָגן, קולטור־אידעאָלאָגיש. מען האָט אויך מורא פאַר מאַטעריעלער קאָנקורענץ... נאָר דערמיט איז צו פאַרשטיין אַזאַ משונהדיקן פאַקט, אַז גאַנצע צוויי טאָג־צייטונגען אין דייטש גייען אַרויס אין ישראל און איין טאָג־צייטונג אין יידיש ווערט נישט דערלאָזט.

אָבער איין זאַך איז שנאה און מורא — קולטור־אידעאָלאָגיש און אפילו עקאָנאָמיש — און עפּעס אַנדערש איז דער נאַציאָנאַלער אינטערעס אין ברייטסטן זינען פון דאָזיקן וואָרט, אַזוי ווי ער וואָלט געדאַרפט באַנומען און פאַרשטאַנען ווערן מצד מענטשן, וואָס פאַרנעמען פירנדיקע פּאָזיציעס אויף אַ וועלכן עס איז געביט אין יידישן לעבן, און אוודאי — צי דווקא — פירנדיקע פּאָזיציעס אין אַ יידישער מלוכה.

מדינת ישראל האָט אַ לאָזונג: קיבוץ גלויות. האָט מען אים אָבער רעדוצירט בלויז צום פיזישן קיבוץ גלויות. זאָלן יידן, הייסט עס, קומען אין לאַנד אַריין. זיי קאָנען מיטברענגען מיט זיך זייער געלט, אויב זיי האָבן, אָבער נישט זייער לשון און זייערע קולטור־דערגרייכונגען זייט הונדערטער יאָרן. יידיש לעבן און שאַפן, וואָס האָבן אָביעקטיוו גענומען נישט ווייניקער מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מלוכה ווי העברעאיש, האָבן נישט ווייניקער בירגער־רעכט ווי די קולטור־דערגרייכונגען אין העברעאיש. אָבער דאָס גראָד, יידיש לשון און קולטור־דערגרייכונגען אין יידיש, הייסט מען איבערלאָזן אין דרויסן, פאַר די גרענעצן פון יידישן לאַנד.

געוועזן אַמאָל אַ גלות־שפּראַך — אַראַמיש. תורה און תפילות זענען געשאַפן געוואָרן אין דער שפּראַך. תרגום אויף תורה אין

אראמיש. קיינעם איז קיינמאל נישט איינגעפאלן די דאזיקע דער־גרייכונגען צו פארלייקענען, ווייל דאס איז גלות־שאפונג. די דערגרייכונגען אין אראמיש האבן נישט נאר געפונען אן ארט אין דער אלגעמיינער קולטור פון פאלק, א גרויסער טייל דערפון איז קאנאניזירט געווארן און ס׳וועט קיינעם פון די פירער אין ישראל נישט איינפאלן צו וועלן מאכן א שטריך איבער דעם אלעם, א שטריך, למשל, איבער ש״ס וכדומה. אבער מיט פרצן, מיט שלום־עליכמען שטעכט מען זיך די ציינער אויס אין יידישן לאנד. ס׳איז גארנישט, מען דארף עס נישט.

אמת איז, דאס „אומגליק" מיט יידיש באשטייט נאך אין דעם, וואס יידיש איז נאך אלץ א לעבעדיקע שפראך אויף וועלכער מען רעדט, אין וועלכער מען שאפט, וואס עס לעבן מיטן דאזיקן לשון נאך אלץ אן אן ערך מער יידן ווי מיט העברעאיש. אין דער דאזיקער שפראך ווערן נאך ווייטער געשאפן גרויסע יידישע קולטור־אוצרות, וואס מיט דער דאזיקער שפראך ווערן נאך אלץ באווירקט טאג־טעגלעך מיליאנען יידישע מוחות און הערצער און דאס — אויך פאר דער טובה פון יידישן לאנד גופא. טאקע אן „אומגליק". אבער ווי גרויס וועט זיין דאס אומגליק נישט בלויז פאר אונדז, יידישיסטן, נאר פאר אלע, פאר די העברעאיסטן אויך — פאר אלע יידן מיט די יידן אין ישראל בתוכם — ווען יידיש וועט אויפהערן, ווען יידיש וועט אונטערגיין.

מען דארף מודה זיין: מדינת ישראל איז א פאקטאר, וואס איבט אויס א באדייטנדיקע השפעה אויפן יידישן גייסטיקן לעבן אין די גלות־לענדער. פאר א סך איז מדינת ישראל א מוסטער און ביישפיל. וואס־זשע האט מדינת ישראל צו רעקאמענדירן די יידן אין די גלות־לענדער בנוגע אזא וויכטיקער זאך ווי לשון? וואס פאר א ביישפיל גיט זי מיט איר באציאונג צו יידיש לשון?

דער העבראישער קאנגרעס אין ירושלים האט פראקלאמירט

העברעאיש פאַר „די איינציקע שפּראַך, וואָס פאַראייניקט דאָס יידישע פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט". איז עס אַזוי? איז מעגלעך, אַז עס זאָל ווען עס איז אפילו זיין אַזוי? עס איז אַ פּראָקלאַמאַציע אָן אַ רעאַלן יסוד, אָן ממשות אין דער קעגנוואַרט און אָן דער מינדעסטער אויסזיכט אויף דער צוקונפט. איין פּעולה קאָן אַזאַ פּראָקלאַמאַציע יאָ האָבן, זי קאָן פאַר אַ סך מאַכן לייכטער דעם וועג צו דעזערטירן פון אַ יידיש לשון בכלל. ווייל מען דאָס? איז דאָס אין אינטערעס אפילו פון מדינת ישראל?

מילא, פּראָקלאַמירן קאָן מען וואָס נאָר מען וויל. אָט האָט מדינת ישראל פּראָקלאַמירט אַ קיבוץ גלויות. מען ווייסט אָבער, אַז עס האַלט ווייט דערפון, עס זאָל דורכגעפירט ווערן. קעגן דעם שטייט דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז און די יידן אַזוי ווי זיי זענען. דער גלות בלייבט — דאָס זענען מודה ציוניסטן אַליין. ציוניסטן גופא אין די גלות־לענדער האָבן נישט בדעה אויפצוגעבן זייערע ביז־איצטיקע היים־לענדער, נישט געקוקט דערויף וואָס ישראל רופט זיי צו זיך, נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס איז, אין תוך, די דערפילונג, דער דערגייכטער ציל פון ציוניזם. גוט צי שלעכט — יידן אין זייער ווייט גרעסטער מערהייט בלייבן אין חוץ לארץ, איז אויב זיי בלייבן, דארפן זיי דאָך בלייבן יידן — פאַר זיך אַליין און אפילו פאַרן יידישן לאַנד.

און דאָ דאַרף געזאָגט ווערן קלאָר: אויב זיי וועלן בלייבן, וועלן זיי עס נאָר מיט יידיש אין מויל. וואָרים העברעאיש וועט זיך אין די גלות־לענדער אוודאי נישט אָננעמען. העברעאיש וועט אין די גלות־לענדער קיינמאָל נישט ווערן די שפּראַך וואָס פאַראייניקט דאָס יידישע פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט. און מיט אַלע אַנדערע שפּראַכן איז — נאָך עטלעכע דורות — אויס, אַ סוף, אַ גייסטיקער, אַ קולטורעלער און נאַציאָנאַלער סוף מיט די דאָזיקע יידן. ווילן דאָס די יידן פון ישראל? קאָנען זיי דאָס וועלן?

די שטיפמוטערישע באַציאונג צו יידיש אין ישראל איז איינס פון די גרעסטע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע מיספּאַרשטייענישן, פון די טראַגישסטע אין אונדזער צייט. וואָרים די פראַגע וועגן ישראלס באַציאונג צו יידיש לשון שטייגט ווייט איבער די ראַמען און גרענעצן פון מדינת ישראל און איר העברעאיסטישער ווירקלעכקייט. עס איז אַן אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פראַגע. עס איז איינס פון די געביט'ן אין וועלכן עס וואָרצלט דאָס פּראָבלעם פון אַזאַ „אָפּגענוצט" און לבטלה אָפט מאָל אויסגענוצט וואָרט, ווי דאָס איז — קיום.

רעשטן פון אַן אויסגעבלוטיקט פאָלק, נאָך דעם גרעסטן חורבן זייט יידן לעבן אויף דער וועלט, ראַנגלען זיך פאַר זייער ווייטערדיקן קולטור־נאַציאָנאַלן קיום. דער געראַנגל קומט פאָר אומעטום — אין ישראל ווי מחוץ לארץ. בלויז די פאָרמען פון געראַנגל זענען אַנדערע, אַנדערע — די באַדינגונגען. דער ציל — קיום — איז דאָך אומעטום דער אייגענער. פאַרוואָס־זשע לייג'ן קלעצער פאַר די פיס אין דאָזיקן קאַמף?

מדינת ישראל איז אַ פאַקט, די ליקווידאַציע פון גלות — נישט. און שלילת הגלות? אויב עס האַנדלט זיך וועגן זיין קולטור־נאַציאָנאַלן באַזיץ, און נאָך מער — וועגן דער פאָרם פון ווייטערדיקן גייסטיקן לעבן און שאַפן אין גלות, — דאָ איז דער שלילת הגלות אוודאי אַ פאַרברעך. און ס'איז ממילא אַ נאַציאָנאַלער פאַרברעך יעדע מין שלילה, יעדע נעגאַטיווע באַציאונג צו יידיש לשון.

גרויסע אָנשטרענגונגען ווער'ן געמאַכט אויסצובויען אַ יידישע עקזיסטענץ אויפן באָדן פון אַן אייגן לאַנד. ס'איז אַן אָנשטרענגונג פאַר קיום. אָבער נישט קלענער איז דער ווילן און נישט קליי'ן אויך די מי פאַנאַנדערצובויען און צו שטאַרקן די שעפערישע עקזיסטענץ פון פאָלק אומעטום וואו נאָר זיינע טיילן געפינען זיך, מחוץ די גרענעצן פון יידישן לאַנד. און געטאָ'ן מוז עס ווערן היינט, איצטער, אין אונדזער צייט, ווייל שפּעטער קאָן זיין צו שפּעט.

ב ע ר  י. ר אָ ז ע ן

א פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש מצד מדינת ישראל קאָן זייער א סך מיטווירקן לטובת דער זאַך, לטובת אַן אַלגעמיינער פאָלקס־זאַך. וואָס פריער, וואָס גיכער עס וועט זיך אין ישראל ענדערן די באַציאונג צו יידיש לשון — אַלץ בעסער, גליקלעכער פאַר אַלע, פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר זיין קיום אומעטום — מדינת ישראל אַריינגערעכנט... וואָרים עס ליגט דערין דער איינציקער גוט־פאַרשטאַנענער נאַציאָנאַלער אינטערעס פון פאָלק.

מעלבורן, 1950.

# אינהאַלט